Kussman, L. (Leon).
Der geler moyer : drama in dray akten : mit prolog un epilog.
Nyu York, 1926.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1881.13

**Kussman, L. (Leon), 1884-1974.**
Der geler moyer : drama in dray akten : mit prolog un epilog.
Nyu York : L. Kusman, 1926.

128 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B6171 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: 106195

Reduction ratio x 10.0

[illegible]

ל. קוסמאן

[illegible] 1926

# ל. קוסמאן

# דער געלער מויער

## דראמא אין דריי אקטען מיט פראלאג און עפילאג

1926

## פערזאנען

ר׳ זיסעל צירעלזאהן
שרה גיטעל, זיין פרוי
צירעל
הינדע
יאסעל
מינא
(צירעל, הינדע, יאסעל, מינא — זייערע קינדער)
ר׳ לייזער יאסעל׳ס, שרה גיטעל׳ס עלטערער ברודער
דוד, דער מאסטער פון די בארשטענבינדער
מרדכי שאכטעלמאכער
לאה׳קע, זיין טאכטער
נאטע דער מלוה
מאיראוויטש, מינא׳ס לעהרער
יאנקעל דער קצב
פייוועל דער קלייטינק
קיילע די בעקערקע
דער צעקא
ערשטער ארבייטער
צווייטער ארבייטער
דר. ראזענבערג
דער שטאדט-משוגענער
דער לאמפענצינדער
די אידענע פון חופה-טאנץ, מחותנים, בארשטענבינדער פון ר׳ זיסעל׳ס ווערקשטאט, מענשען פון גאס.

א ר ט : א ליטווישע שטאדט ביים גרעניץ פון קורלאנד.
צ י י ט : נאהענטע פארגאנגענהייט.

ר׳ זיסעל צירעלזאָהן׳ס געלער מויער. די וואַנט צום גאַס. געמויערט פון שטיין, געל געשטריכען, די פאַרב אַלט, טיילווייז אָפּגעקראַכען — איז דער קאָליר שוין צווייפעלהאַפט געל. צוויי שטאָק. צו דריי פענסטער אין יעדען. אונטען די וואוינונג פון ר׳ זיסעל׳ס משפחה, אויבען דער ווערקשטאַט פון די בארשטענבינדער. די אונטערשטע פענסטער פאַרמאַכט און פאַרהאַנגען מיט גאַרדינען. קיין טיר אין מויער. דער אַריינגאַנג פיהרט דורך אַ קליין טירעל פון אַ גרויסען פאַרמאַכטען טויער אין הויף, פון דאָרט אין הויז.

אין פראָנט פון הויז טראָטואַר און גאַס. אַ פאַנאַר אַנטקעגען טויער. אַ נאַפט לאָמפּ צאַנקט אינעווייניג. זומער. פריה באַגינען.

אויף דער ערד, אָנגעשפאַרט אָן מויער, נעבען טויער, זיצט דער שטאָדט־משוגענער, פאַרוואַקסען, אין שמאַטעס, דרעמעלט. עס קומט אָן דער לאָמפּענצינדער מיט אַ לאַנגען שטעקען און פאַרלעשט די לאָמפּ אין פאַנאַר. ער דערלאַנגט אַ טאַרקע מיטן שטעקען דעם שטאָדט־משוגענעם

לאָמפּענצינדער

דו שלאָפסט?

שטאָדט-משוגענער

(טרייסעלט זיך אויף)

גאָט שלאָפט נים. גאָט באַשאַפט זיין וועלט.

לאָמפּענצינדער

גאָט האָט שוין זיין וועלט באַשאַפען.

שטאָדט-משוגענער

אזוי זאָגען מענשען. (ער ריכט זיך אויף שטאָלץ אויף), דער

שטאדט-משוגענער. זאג, אז די וועלט גערט ערשט בא-
שאפען ווערען.

לאמפענצינדער
פון וואנען ווייסטו עס?

שטאדט-משוגענער
ווייל איך אליין בין גאט... כא-כא-כא...

לאמפענצינדער
ווען וועט דיין וועלט פארטיג ווערען?

שטאדט-משוגענער
עס וועט זיין אווענט און עס וועט זיין פריהמארגען
און מיין וועלט וועט פארטיג ווערען.

לאמפענצינדער
ווי וועט דיין וועלט אויסזעהן?

שטאדט-משוגענער
דו וועסט אנצינדען א לאמטערן און פארלעשען א
לאמטערן און וועסט זעהן ווי מיין וועלט זעהט אויס.

לאמפענצינדער
קאן איך זי שוין זעהן?

שטאדט-משוגענער
אוועק פון דאנען. א נאר און א מענשען צייגט מען
נים קיין האלבע ארבייט...

לאמפענצינדער
און ביי משוגעים ווערט אן ארבייט קיינמאל נים פאר-
טיג. געהט אפ.



שטאדט-משוגענער
לאכט איהם נאך א ווילדען לאנגען געלעכטער.

עס קומען אן די ארבייטער פון ר' זיסעל'ס ווערקשטאט, פארוויז און אינציגווייז. זיי פארשווינדען אין טויערעל, נים שוינקענדיג קיין אויפמערקזאמקיים דעם שטאדט-משוגענעם ווי אן אלט-באקאנטע זאך. איינער, דוד, שטעלט זיך אפ ביים טויער, באטראכט א רגע דעם משוגענעם, וועלכער לאכט איהם אריין אין פנים א פריידיג געלעכטער.

דוד
וואס פרעהסטו זיך?

שטאדט-משוגענער
איך פרעה זיך און איך לאך, כא-כא-כא...

דוד פארשווינדט דורכן טויערעל. די פענסטער אין אויבערשטען שטאק עפענען זיך. ארבייטער כאפען א בליק אויף דער אויפגעהענדער זון. א שטימע פון אינעווייניג שלאגט אן א טאן פון א אידישען ארבייטער ליעד, וואס ווערט אויפגעכאפט פון א פאר אנדערע שטימען. דער שטאדט־משוגענער שטעלט זיך אויף, טשוכעט זיך אויס, קוקט ארויף אוי־בען, שפייט אויס און געהט לאנגזאם אפ אויגעקארטשעט ווי ער געהט.

דער פארהאנג פאלט

# ערשטער אקט

די חדרים פון ר׳ זיסעל׳ס הויז.

א חדר פון בעל הבית׳ישער גרויס, האַלב טונקעל. דינט אַלס פאַרברײַנגונגס צימער. אַלטע שווערע, געשניצטע מעבעל, קענטיג פון יחוס׳דיגער אפּשטאַמונג. א גרויסער, טונקעל־ברוינער זייגער־קאַסטען אין א ווינקעל. דורכן גלאַז זעהט זיך אַרויס אַן אַלטער קאַלירטער ציפער־בלאַט מיט רוימישע ציפערען. שווערע געוויכטער מיט א בלאַנקען פערפּענדיקעל. אין דער שטילקייט פון חדר הערט זיך פון צייט צו צייט דאַס שווערע זינקען פון א געוויכט, וואָס פאַרענדיגט זיך מיט א קלונג פון אַן איבערגעדרעהטען ראַד.

אין הינטערגרונט צוויי פענסטער צו דער גאַס, טיף אַרײַנגעטוויערט אין וואַנט, פאַרהאַנגען מיט שווערע געדיכטע שפּיצען־גאַרדינען, דורך וועלכע עס שלאָגט זיך קוים דורך דער ליכטיגער דרויסען. אויף די ווענט איויגע בילדער פון פּאַטריאַרכאַלישע אידען, רבנים, משפחת פון ביידע צדדים. דאָ און דאָרט א באַפּוצונג פון א יונגער פרויען־האַנט, מערסטענס האַנט־אַרבייט, שטיקעריי.

לינקס, אין פאָדערגרונט, פיהרט א שווערע טיר צום אַרויסגאַנג אין פאַרהויז און הויף. נאָהענט צום הינטערגרונט — א טיר אין צירעל׳ס צימער. רעכטס אין מיטען, אַן אָפענע ברייטע טיר אין עס־צימער און ווייטערדיגע חדרים, האַלב פאַרהאַנגען מיט אַלטע פאָרטערס פון ניט באַשטימטען קאַליר. עס זעהט זיך אַרויס א טייל מעבעל. צום פאָדער־גרונט א פענסטער אין הויף.

אין פאַרברײַנגונגס־צימער געפינען זיך שרה־גיטעל, צירעל און יאָסעל. אין עס־צימער, ביים טיש, זעהט זיך מינא זיצענדיג איבער ביכער.

שרה־גיטעל, א פרוי פון א יאָהר זיבען און פופציג, דיק, שווערליך, אָבער פאַרנעהם. זי לײַדט פון צוקער־קראַנקהייט און פון אַסטמאַ, טרינקט מעדיצין און האַלט זיך אויף דיעטע. זי פאַרשטעהט זיך אין די קליינע



אותיות׳לעך. זיצט אין א שווערען פאָטעל־שטוהל, די ברילען איבער דער נאָז, קוקט אַרײַן אין א ספר.

צירעל, א שאַטענקע, אַכט און צוואַנציג יאָהר אַלט, זיצט אין א ווינקעל, נאָהענט צום גאַס־פענסטער, רעכטס, און העקעלט. זי כאַפּט אָפּט א גנב׳ישען קוק דורכן פענסטער, פאַרבויגענדיג, קוים צו מערקען, דעם גאַרדין. איהרע שלאַנקע פינגער אַרבייטען שנעל און נערוועז איבער דאָס העקלען.

יאָסעל, א שלאַנקער, צוויי און [illegible] יעהריגער בחור, א בלאַס פּנים, טיפע פאַרקלעהרטע אויגען, שטעהט נעבען צירלען, אָנגעשפּאַרט אַן פענסטער, האַלט אין האַנט א מין מעכאַנאַציע, א לאַנג פאַרמאַכט קעסטעלע מיט פליגלען, קענטיג אַן ערפינדונג.

## שרה גיטעל

קוקענדיג אין ספר, מיט ענטציקונג, צו זיך

שעהן... פלאי־פלאים...

## יאָסעל

דו זעהסט, צירעל, אַט די פליגלען וועלען זיך איינמאָל אָנהויבען דרעהען... אַט אַזוי... דרעהט די פליגלען מיט א פינגער.

## צירעל

קוקט אויף איהם באַגייסטערט

טאַקע?... דאָס וועט זיין שעהן...

## יאָסעל

דער מעכאַניזם אינעווייניג, וואָס איך האָב שוין באַלד פאַרטיג, וועט דרעהען די פליגלען און קיינער וועט ניט וויסען ווי אַזוי...

## צירעל

פאַרבויגט א גאַרדין און קוקט אַרײַן אין פענסטער, מעהר מעכאַניש

דאָס וועט זיין שעהן... יאַ... אַך!.. בויגט אָפּ שנעל דעם קאָפּ און ציהט אַוועק יאָסלען פון פענסטער געה אַוועק פון פענסטער, מען זעהט דיך...

יאסעל

אפטרעטענדיג, פארטוטט אלץ אין זיין ערפינדונג

וועלען זיך דרעהען די פליגלען און די וועלט וועט ניט וויסען ווי אזוי...

שרה גיטעל

הויבט אויף דעם קאפ פון ספר

יאסעל, איך האב דאך דיך געשיקט ערגיץ.

אט שוין, מאמע, ווארט א רגע... מיר איז עפעס איינגעפאלען.

שרה גיטעל

וואס?

יאסעל

איך זעה שוין ווי עס הויבען זיך אן באוועגען... אט אזוי... און אט...

שרה גיטעל

יאסעל, איך רייד דאך צו דיר עפעס.

יאסעל ווי ערוואכט

הא?... וואס?... צום אנקעל לייזער? אפשר וואלט הינדע געגאנגען?

שרה גיטעל

הינדע האט אנדערע זאכען אויפן קאפ. נו, געה, און רייד מיטן אנקעל ווי א מענש, ניט ווי קיין שגץ.

יאסעל

נו, וועל איך זיך שטעלען אויף די קני פארן אלטען תרח. געהט אפ.



שרה גיטעל

א מויל דאס האט... פארטיפט זיך צוריק אין ספר.

לאנגע פויזע.

צירעל העקעלט און זינגט

אן דער קוועלע זאס דער קנאבע,
בלומען וואנדט ער זיך צום קראנץ,
און ער זאה זי פארטגעריסען,
טרייבען אין דער וועלען-טאנץ...

און זא פליהען מיינע טאגע
ווי די קוועלע, ראסטלאז הין,
און זא בלייכעט מיינע יוגענד,
ווי די קרענצע שנעל פערבליהען.

שרה גיטעל

הויבט אויף דעם קאפ, צוהאלטענדיג די ברילען אויף דער נאז, קוקט אויפן זייגער

זעה נאר, צירעל, די אוהר האט נאך ניט געשלאגען עלף?

צירעל

מיט א בליק אויפן זייגער

ניין, מאמע, עס פעהלען נאך א צוועלף מינוט.

שרה גיטעל

פארגעס ניט, טאכטער, מיר דערמאהנען, ווען די אוהר וועט שלאגען עלף. איך דארף איינעמען מיין מעדיצין.

צירעל

וועל ניט פארגעסען... זינגט בלומען וואנדט ער זיך צום קראנץ... כאפט א קוק אונטער די גארדינען.

### ש ר ה  ג י ט ע ל

*מיט א בליק אויפן זייגער*

וואס זעהסטו דארטען, צירעל?

### צ י ר ע ל

דו פרעגסט וואס, מאמע?...

### ש ר ה  ג י ט ע ל

וואס זעהסטו דארטען דורכן פענסטער?

### צ י ר ע ל

*אין פארלעגענהייט*

קיין זאך, מאמע... גלאט אזוי... מיר האט זיך געדוכט, אז מען קוקט אריין... *העקעלט און זינגט*

טרייבען אין דער וועלען-טאנץ...

### ש ר ה  ג י ט ע ל

דיר דאכט זיך רק, אז מען קוקט אריין. ווייסט דאך, אז די פענסטער זיינען הויך געבוים, גארדינען הייגנען, שווער פאר א מענשען אריינצוקוקען.

### צ י ר ע ל

אבער, מאמע... איך בין זיכער געווען אז א גע־שטאלט שטעהט אנטקעגען, איבערן גאס, און קוקט אריין...

*זינגט*

און זא פליהען מיינע טאגע...

### ש ר ה  ג י ט ע ל

*שאקעלט מיטן קאפ*

זינגסט נאך אלץ דאס אלטע שילערשע ליעד *קוקט אריין* אין ספר אט הער בעסער, טאכטער, וואס די חכמים זאגען.



### צ י ר ע ל *צושטרייט*

יא, וואס זאגען זיי?

### ש ר ה  ג י ט ע ל

זיי דערצעהלען דא זעהר א שעהנע געשיכטע. א מעשה מיט שלמה המלך, וואס האט געהאט א טאכטער א בת מלכה, די שעהנסטע אין דער וועלט. שלמה המלך, ווי באוואוסט, האט געקענט אלע שבעים לשונות און אלע שבע חכמות. האט ער איינמאל געזעהן אין די שטע־רען, אז דער זווג פאר זיין שעהנער טאכטער איז אן ארימאן, דער גרעסטער בעטלער אין דער מדינה. האט שלמה המלך איהם ניט געוואלט. נעמט ער און בויט אויס א הויכען טורם אין מיטען ים, ארומגעצאמט מיט אייזערנע שטאנגען, אהן א טיר, קיינער זאל ניט קאנען אריינקומען, און זעצט דארטען אריין זיין טאכטער. פאר־שטעהט זיך, אז שפייז האט מען איהר איבערגעלאזען לרוב.

### צ י ר ע ל

*פארטיפט אין הערען*

פארשפארט אין א טורם!... אין מיטען ים!... קיי־נער זאל ניט קאנען צוקומען!...

### ש ר ה  ג י ט ע ל

קיינער זאל ניט קאנען... וואס טוט גאט? געהט דער ארימאן אמאל א מידער, א הונגעריגער, א דורשטי־גער, און ווערט אנטשלאפען אין וועג אויף א פעל פון אן אקס. איז געקומען צופליהען א גרויסער פויגעל, אוועקגע־טראגען איהם מיטן פעל אויפן שפיץ טורם פון ים, אויפ־געגעסען די פעל און איהם איבערגעלאזען. אז די בת מלכה

איז אָרוים אין דער פריה אויפן שפּיץ-טורם, האָט זי דערזעהן דעם בחור. האָט זי איהם אַריינגענומען אינעווייניג און געגעבען קליידער. האָט ער זיך אַרומגעוואָשען, זיך אָנגעטאָן און איז געוואָרען דער שעהנסטער בחור אין לאַנד. *זי קוקט אַריין אין ספר ווי זוכענדיג דאָס ווייטערדיגע.*

צירעל *נייגעריג*

נו, וואָס איז געוועז ווייטער?

שרה גיטעל

ווייטער... ווייטער... פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט זי מקדש געווען כדת משה וישראל. עס איז ניט געווען קיין טינט, האָט ער געשריבען די כתובה מיט בלוט... ווען שלמה המלך האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער פאַרשטאַנען אַז גאָט ברוך הוא איז גוזר ומקים. ווען ער רופט אוים אין הימעל פערציג טעג פאַרן געבורט, דאָס דער און דער און די און די זיינען אַ זווג, קאָן זיי דער ים ניט אָפּטיילען... פאַרשטעהסטו, מיין קינד? *קוקט אַריין אין ספר* דער זווג קומט, מוז קומען...

צירעל *פאַרטראַכט*

דער ים קאָן ניט אָפּטיילען... אָך ווי שעהן... *זינגט*
און זאָ בלייכעט מיינע יוגענד...

*דער זייגער אין קאַסטען שלאָגט עלף. צעהלט איינס, צוויי, דריי... עלף.* מאַמע, זאָל איך דערלאַנגען דעם רעצעפּט?

שרה גיטעל

ווילסט זיך באַמיהען.

*צירעל געהט אַריין אין עס צימער. מינא, אַן אויסגעבליכט זיבעצעהן יעהריג מיידעל, מיט אַ בוך אין האַנט, באַוויזט זיך אין דער אָפענער טיר.*



שרה גיטעל

פון באַגינען ביז ביינאַכט, טאַכטער, רק איבער ביכער, און פון אַביסעל רוה טראַכסטו גאָרניט.

מינא

*הויבט אויף אַ פּאָר רויטע, אָנגעשטריינגטע אויגען*
קורץ די צייט, מאַמע.

שרה גיטעל

קום נאָר אַהער צו מיר. *מינא טרעט צו* גאָט אין הימעל, ווי בלייך דו ביסט!

מינא

וועט מיר גאָרניט שאַדען, מאַמע.

שרה גיטעל

מינא, קינד, דו מוזט זיך עס אַזוי אָנשטריינגען?

מינא

איך מוז פאָהרען נאָך ריגא, צום עקזאַמען. אינגאַנצען דריי וואָכען.

שרה גיטעל

אָבער געזונט איז דאָך אויך טייער, קינד.

מינא

דער לעהרער מאיראָוויטש זאָגט, אַז היינט איז אַ צייט, וואָס מיידלעך דאַרפען ווערען זעלבסטשטענדיג.

שרה גיטעל

וואָס מיינט ער דערמיט?

מינא

ער מיינט, אַז אַ מיידעל דאַרף זיך לערנען, אויסבילדען און דאַן —

שרה גיטעל

חתונה האבען...

מינא

א, ניין, מאמע, דאס האט ער ניט געזאגט... לויפט שנעל אריין א פארשעמטע אין עס־צימער.

צירעל

קומט צוריק מיט א פלעשעל רפואות און א טוי־לעפעלע

זאל איך דיר אנגיסען, מאמע?

שרה גיטעל

ניט צופיל. ביטער!

צירעל

אבער די מעדיצין טוט דיר גוט, מאמע?

שרה גיטעל

ווער ווייס... דא פיהל איך לייכטער, דא ווערט מיר צוריק ערגער. צוקער־קראנקהייט ווינש איך ניט מיינע שונאים. און דער דאקטאר זאגט, אז איך לייד נאך פון א ביסעל אסטמא אויך. פון דעם דער הוסט... פארהוסט זיך און טרינקט אויס די רפואות.

צירעל

זעצט זיך צוריק אויף איהר ארט, חעקעלט און זינגט

אן דער קוועלע זאס דער קנאבע...

כאפט א בליק אונטער די גארדינען, צו זיך בלומען... אך, אן שטעהט ער!

שרה גיטעל

וועמען זעהסטו דארטען, יאסלען?



צירעל

דערשרעקט זיך, טיפער דעם קאפ אין דער האנט־ארבייט

האב איך דען געזאגט, אז איך זעה וועמען?...

שרה גיטעל

איך האב, דאכט זיך, געהערט...

צירעל זינגט

און זא פליהען מיינע טאגע... פון אויבערשטען שטאק דער־הערט זיך דאס זינגען פון די בארשטענבינדער.

שרה גיטעל

בליקט ארויף צום באלקען

שוין אנגעפאנגען...

צירעל

דאס געזאנג וועט מיך פון הויז פארטרייבען...

מינא

באווייזט זיך אין טיר מיטן בוך אין האנט

זייער זינגען אויבען שטערט מיר, מאמע.

שרה גיטעל

וואס קאן איך דיר העלפען, קינד. מינא פארשווינדט צוריק.

צירעל

הינדע איז דאך אויבען, וואס זעהט זי ניט, זיי זאלען שווייגען.

שרה גיטעל

הינדע האט דארטען אנדערע ארבייט צו באזארגען...

צירעל

אין דרויסען פארפאלגען זיי מיך מיט זייערע בלי־קען... דא מיט זייערע ליעדער... דאס זינגען אויבען ווערט ביסלעכווייז איינגעשטילט.

יאסעל

קומט אריין און פלאצט ארויס

ער וויל נים שטארבען!

שרה גיטעל

פון וועמען רעדסטו עס?

יאסעל

פון אנקעל לייזער.

שרה גיטעל

אזעלכע ווערטער?... יאסעל!... מילדער ביסט ביי איהם געוועז?

יאסעל

געוועז.

שרה גיטעל

נו?

יאסעל

נאר ווען ער וועט זיך אפטראגען, איז דא א האפנונג, אז —

צירעל

אונטערברעכט איהם מיט א געלעכטער

כא-כא-כא...

שרה גיטעל

וואס איז דאס געלעכטער, צירעל?

צירעל

אוי, עס געפעהלט מיר, ווי יאסעל רעדט אזוי... אנקעל לייזער וועט ליגען אויסגעצויגען אויף דער ערד... ליכט ארום איהם... וועט האלטען פעסט אין האנט די שליסלען פון זיין אייזערנעם שראנק... און יאסעל וועט



שטעהן איבער איהם און רייסען די שליסלען און רייסען.. כא-כא–כא...

שרה גיטעל

וועסט אויפהערען, צירעל?

צירעל

א, ענטשולדיג, מאמע... בלייבט זיצען איבער איהר ארבייט ווי א פארשולדיגט קינד.

שרה-גיטעל צו יאסלען

האסט איהם געזאגט, אז דער פאפא ברויכט געלט?

יאסעל

געזאגט.

שרה גיטעל

זיין לעצט ווארט?

יאסעל

ער וועט אריבערקומען אהער.

שרה-גיטעל זיפצט אפ

אך, ווי שווער עס ווערט...

יאסעל

וואו איז פאפא?

שרה גיטעל

דער פאפא איז ביים רב. מען האט נאך איהם געשיקט. עס האנדעלט זיך וועגען א שווערער סוחרישער דין תורה. האבען ביידע צדדים מסכים געווען, אז ר׳ זיסעל צירעלזאהן זאל גערופען ווערען צו העלפען שליכטען.

הינדע

פינף און צוואנציג יאהר אלט. אן ענערגישע פיגור, אן ערענסט געזיכט, מיט סמנים פון זארג, טרעט אריין און קוקט זיך ארום

איז פאפא נאך ניט צוריקגעקומען?

שרה גיטעל

ניין, מן הסתם אַ שווערע דין תורה.

הינדע

פּאַפּאַ פאָהרט דאָך, האָפענטליך, היינט נאָך לייפּציג?

שרה גיטעל

האָפענטליך.

הינדע

צו דער מוטער, ווי ברוגז אויף יאָסלען

האָט יאָסעל באַזאָרגט ביים אָנקעל?

שרה גיטעל

ער איז צו איהם געגאַנגען.

הינדע

איז אַלץ אין אָרדנונג?

יאָסעל

עס וועט זיין אין אָרדנונג, ווען דער אַלטער תרח וועט צעהלען צום לעצטען מאָהל זיינע גאָלדענע רענדלעך...

הינדע צו יאָסלען

שעהמסט זיך גאָרניט! אַ בחור פון איבער צוואַנציג האָט זיך אַריינגענומען צוויי משוגעת'ן אין קאָפּ: דעם אָנקעל'ס ירושה און אַן ערפינדונג.

יאָסעל

ווער דאַרף זיין ירושה? איך וועל פאַרטיג מאַכען מיין ערפינדונג וועל איך זיין רייכער פון אָנקעל... נאָר עס פאַרדריסט... וואָס ליגט אַ מענש אַזוי האַרט איבער געלט... פאַר וועמען וועט ער עס איבערלאָזען? אויף טיפלעם?... ער זעהט דער פּאַפּאַ קוועלט זיך, און ער —



ווי אַ שטיין! יעדעס מאָל מיט אַ האַק אַ ברעקעל!... איך קאָן עס ניט צוזעהן...

הינדע

אויב דו קאָנסט ניט צוזעהן ווי דער פּאַפּאַ קוועלט זיך, האָסטו געמעגט צולייגען אַ האַנט צום געשעפט. וויסען וואָס אויבען טוט זיך.

יאָסעל

איך העלף אַרוים, אַז מען דאַרף.

הינדע

אַ סך העלפסטו און אַ סך ווייסטו...

שרה גיטעל

נייעס?...

הינדע

דער פּאַפּאַ ווייס נאָך ניט, אַז ער האָט ניט מיט וואָס צו פאָהרען נאָך לייפּציג!...

שרה גיטעל

האַ? וואָס האָסטו געזאָגט, הינדע? פאַרהוסט זיך און בלייבט מיט אַ געזונקענעם קאָפּ.

הינדע

די אויסגעאַרבייטע חזיר-האָר איז ניט גענוג פאַרן לייפּציגער מאַרק. רויער מאַטעריאַל מוז געבראַכט ווערען אויף אויסצואַרבייטען נאָך סחורה, און איהם נאָכשיקען.

שרה גיטעל

איז וואו האַלט עס?

הינדע

אין אַלגעמיין ווייסטו דאָך, מאַמע... חובות פון אַלע

זייטען. ניטאָ די וואָך, וואָס ווערט ניט פעליג אַ וועקסעל. די אַרבייטער אויבען האָבען אויך טענות...

שרה גיטעל

וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס?

הינדע

דוד וועט דאָ זיין. ער וויל וועגען דעם ריידען מיט פּאַפּאַ... אָבער דערווייל זאָל זיין שטיל. עס פעהלט אונז ניט מעהר די וועלט זאָל זיך דערוויסען די אמת'ע לאַגע.

יאָסעל

איך וועל אַרויפגעהן אויבען און זעהן, וואָס די אַרביי-טער ווילען.

הינדע

זיי בעסער פאַרזיכטיג מיט זיי.

יאָסעל

וואָס? שוין פריצים געוואָרען?... געהט אָפּ.

הינדע

מאַמע, דו וואָלסט זיך געדאַרפט צולייגען. דו זעהסט אויס מיד.

שרה גיטעל

דו ביסט גערעכט, הינדע. אָבער זעה, ווי דער פּאַפּאַ זאַמט זיך. געהט אָפּ דורך דער אָפענער טיר.

הינדע

איך וועל געהן ברייגנען אין אָרדנונג דעם פּאַפּאַ'ס רייזע-טאַש. געהט איהר נאָך.



ציר על זינגט

און זאָ בלייכעט מיינע יוגענד...

קוקט אַרויס אונטערן גאַרדין, רופט מינא, מינא, קום אַהער! שנעלער!

מ י נ א אין טיר

דו האָסט מיך גערופען, צירעל?

צירעל

קום אַהער גיכער... זעה, קוק... דו זעהסט דאָרט יענעם יונגענמאַן איבער דער גאַס?

מינא

געהט צו ניט ווילענדיג, קוקט אַריין אין פענסטער

אָבער איך זעה דאָרטען קיינעם ניט.

צירעל

דו זעהסט ניט?!... אָן שטעהט ער דאָך... אַ הויכער... אַ בלאָנדער... האַ?... ווי?... אַ, ער איז שוין ניטאָ מעהר...

מינא

געה, צירעל דו שטערסט מיך. געהט אָפּ צוריק אין עס-צימער. לאה'קע באַווייזט זיך אין דער פאָרהויז טיר.

צירעל

דערזעהט זי. פריידיג

אוי, לאה'קע, קום נאָר אַהער. וואָס ביסטו פריהער ניט געקומען?

לאה'קע טרעט צו

איך האָב געהאַט אַ באַזוך. אַ מיידעל איז געקומען צו מיר שרייבען אַ בריף צו איהר חתן אין ריגא.

צירעל נייגעריג

אַ מיידעל?... ווער איז דאָס מיידעל?... דערצעהל! ניין פריהער זאָג מיר, ווען דו ביסט געגאַנגען אַהער, האָסטו געזעהן שטעהן אַ יונגעמאַן אַנטקעגען אונזער הויז און אַריינקוקען אַהער אין פענסטער?...

לאה׳קע

ווי וועלענדיג זיך דערמאָנען

ניין, דאַכט זיך נישט באַמערקט... קוקט אָן צירלען און בייט דעם טאָן יאָ, יאָ, איך האָב געזעהן אַ יונגעמאַן אָפּגעהן...

צירעל

און מינא האָט געזאָגט, אַז זי זעהט נישט... אַזאַ שלעכטע... דו ווייסט, לאה׳קע, ער קומט יעדען טאָג, שטעלט זיך אַנטקעגען מיין פענסטער און קוקט אַריין...

לאה׳קע

ווער איז ער?

צירעל

איך ווייס נישט... איך וויל נישט וויסען... בייט דעם טאָן נו, דערצעהל וועגען דער מיידעל.

לאה׳קע

זעצט זיך נאָהענט

זי קומט פון ריגא, האָט דאָרטען אַ חתן. זי קאָן אַליין נישט שרייבען.

צירעל

וואָס טוט זי דאָ?

לאה׳קע

זי איז פון יענע...



צירעל

פון וועלכע?

לאה׳קע

יונגעלייט קומען צו איהר מיט וויזיטען יעדע נאַכט...

צירעל פּלאַטשט אויף

וואָס רעדסטו?!... טאַקע?...

לאה׳קע

זי וואוינט דאָ איבערן טייך, אין דעם הויז מיט די גרינע לאָדענס.

צירעל

אין יענעם הויז מיט די גרינע לאָדענס?

לאה׳קע

יאָ, און אַלע נאַכט האָט זי באַזוך...

צירעל

ווער קומט צו איהר?... דו ווייסט?...

לאה׳קע

אודאי ווייס איך... איך האָב שוין גוט אויסגעפרעגט... אייניגע רופט זי אָן ביי די נעמען. אַנדערע ווייס איך, ווי זי שילדערט זיי אָפּ... אוי, צירעל, וואָלסטו וויסען, ווער עס קומט צו איהר...

צירעל

ווער?

לאה׳קע

מאַטקע דער רויטער איז ביי איהר אַ גאַסט יעדען טאָג. ער האָט איהר אפילו געבראַכט פּערפיום. עס קומען צו איהר רייכע און אָרימע. זי דערצעהלט, אַז די אָרימע־

רע זיינען צו איהר פריינדליכער... נאָר נאַריש ווערען זיי אַלע און חזירים זיינען זיי אַלע גלייך...

צירעל

מיט פלאַמענדיגע אויגען

גנעה שוין, גנעה!... נו, און ווער נאָך קומט צו איהר?...

לאה'קע

זי האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל קיינעם ניט דערצעהלען... נאָר פון דיר וועט דאָך קיינער ניט וויסען...

צירעל

אסור ניט...

לאה'קע

יודעל דעם רב'ס איז אַן אָפטער גאַסט ביי איהר. היינט קומט צו איהר מענדעל נאָטע דעם מלוה'ס, עלפען־שטאָם, דער דייטשער לעהרער אונ נאָך און נאָך... יאָ... דו ווער נאָר ניט ברוגז — אויך דיין ברודער יאָסעל...

צירעל

גנעה, איך גלויב ניט, דאָס איז שוין אויסגעטראַכט...

פאַרשעמט זיך און אַ בלאָנדער יונגערמאַן קומט צו איהר?...

לאה'קע

זי האָט געשילדערט פאַר מיר אַ בלאָנדען יונגענמאַן, נאָר איך קאָן זיך ניט אָנשטויסען ווער דאָס איז.

צירעל

עס איז אָבער ניט יענער, וועלכער קומט צו אונזער הויז און קוקט אריין אין פענסטער...

לאה'קע

מסתמא ניט...



צירעל

עס קאָן ניט זיין ער... ער קומט נאָר צו מיין פענסטער...

לאה'קע

און וואָלסטו זעהן, צירעל, וועלכע ליעבעס בריעף זי לאָזט שרייבען צו איהר חתן!... זי דערצעהלט איהם, אַז זי איז דאָ ביי אַ רייכער טאַנטע...

מאיראָוויטש

אין סטודענטען קליידער, קומט אריין, ציהט היטעל

גוטען טאָג, מיינע דאַמען. איז פריילין מינא צירעל־זאָהן צו הויז?

צירעל

מיט די אויגען צו דער ערד, צופט לאה'קען ביים אַרבעל, שטיל

זאָג איהם, זי איז אין צווייטען צימער.

לאה'קע

פריילין מינא איז דאָ אין דעם צימער.

מאיראָוויטש

דאַרף איך אריינגעהן?

צירעל

צופט לאה'קען ביים אַרבעל

זאָג איהם אַז יאָ..

לאה'קע

יא, איהר קאָנט אריינגעהן...

מאיראָוויטש

פאַרנייגט זיך

איך דאַנק... געהט אריין אין עס־צימער פון וואַנען עס הערט זיך די באַגריסונג „זדראַווסטוואויטע, זדראַווסטוואויטע“.

צירעל

האסטו געזעהן, לאה'קע, ווי ער האט אהער געקוקט?

לאה'קע

געזעהן.

צירעל

און ווי זיינע אויגען האבען געברענט?

לאה'קע

זיינע אויגען? געברענט?... יא, דאכט זיך, גע-זעהן...

צירעל

ניט אויסצובאהאלטען זיך פון זייערע בליקען.

יאסעל

קומט אריין מיט זיין ערפינדונג אין די הענט. צו זיך

וועלען זיך דרעהען די פליגלען און קיינער וועט ניט וויסען ווי אזוי...

צירעל

באטראכט איהם לאנג און רופט

קום אהער, יאסעל...

יאסעל

טרעט צו נעהענטער

דו ווייסט, צירעל, מיר איז איינגעפאלען א נייער געדאנק... איין שרייפעל און דער מעכאניזם וועט...

צירעל

קוקט איהם לאנג אן און ברעכט אויס מיט געלעכטער

כא-כא-כא-

יאסעל פארבליפט

דו לאכסט פון מיין ערפינדונג, צירעל?...



צירעל

גנה! דו ביסט א שוויין!... עס עקעלט פון דיר... קאן אויף דיר ניט קוקען... זי באהאלט דעם קאפ אין לאה'קעס בוזעם.

יאסעל

פארשעהמט, קוקט אויף לאה'קען

משוגע! קעהרט זיך אפ.

לאה'קע

איך וועל שוין געהן, צירעל. א גוטען... לאזט זיך געהן צום טיר.

צירעל

לאה'קע, פארגעס ניט צו קומען. לאה'קע געהט אפ.

שרה־גיטעל און הינדע קומען אריין פון עס־צימער

הינדע צו יאסלען

ביסט געווען אין ווערקשטאט?

יאסעל

הא, אויבען?... ניט געווען...

שרה גיטעל

ביסט דאך אהין געגאנגען.

יאסעל

יא... נאר אויפן וועג איז מיר אריין א נייער גע-דאנק... בין איך ארויף אין מיין בוידעם-שטיבעל צו מיין ערפינדונג...

שרה גיטעל

שאקעלט מיטן קאפ

אזוי העלפסטו עס...

מאיראוויטש קומט ארויס און פארבויגט זיך אפצוגעהן.

הינדע

מאכט מיין שוועסטער פארטשריט, הער מאיראוויטש?

מאיראוויטש

א, זעהר א גרויסען.

הינדע

שטריינגט זי זיך ניט אן אביסעל צופיל?

מאיראוויטש

אהן אנשטריינגונג געהט עס ניט פארן עקזאמען.

שרה גיטעל

אז דאס קינד נעהמט זיך ניט קיין צייט צו עסען.

מאיראוויטש

יא, זי לערענט זעהר פיבערהאפט. אבער אלץ צום ערפאלג. פארבויגט זיך און געהט אפ.

הינדע

כאטש איינער פון אונז וועט ארויס אין דער ברייטער וועלט...

ר' זיסעל, א זעכציג יעהריגער, האלב גרוליכע שיטערע לאנגע באָרד, האלטונג און אויסזעהן ווי ניט אינגאנצען פון דער וועלט, קומט אן אין באגלייטונג פון מרדכי שאכטעלמאכער, א איד אין די פופציגער, סרור'ט אויף התוגות און איז אויסגעבונדען מיטן שטעדטעל.

ר' זיסעל

צו מרדכי'ן ווי פארטזעצענדיג א געשפרעך

טענה'ט נחמן ר' ברוך'ס, אז דער פאס ערד, וואס טיילט אפ זיין הויז פון איצע דעם סטאליער'ס איז זיינס... און א ראיה האט ער: זיין טאטע, ר' ברוך גרינקישאקער ז"ל, האט כל ימיו ארומגעשפאצירט אויף דעם פאס ערד, פארטיפט אין לערנען...



מרדכי

געהערט עס טאקע מסתמא צו נחמנ'ען, ווארום ר' ברוך ז"ל וועט דאך, חס וחלילה, ניט באריהרען יענעמ'ס...

ר' זיסעל

ווי ניט הערענדיג מרדכי'ס רייד

שווערט אבער איצע דער סטאליער, אז נחמן ר' ברוך'ס איז משיג גבול. דער פאס ערד איז אמאל געווען א גערטענדעל. און ווען ר' ברוך, פארטיפט אין זיינע משחבות, האט גענומען איבער איהם ארומשפאצירען, האט ער איהם ניט געוואלט שטערען.

שרה גיטעל צו ר' זיסלען

זיסעל, ביסט דאך געווים הונגעריג, ועסט געהן עסען?

ר' זיסעל צושטריימ

הא? עסען?... יא, באלד... באלד... צו מרדכי'ן און עדות ברייננט ער מיט ראיות...

שרה גיטעל

דו האסט דאך געזאגט, זיסעל, אז דו ווילסט היינט נאך פאהרען...

ר' זיסעל

ווי זיך דערמאנענדיג

הא? יא... איך קאן היינט פאהרען. פאהר איך היינט, הינדע?...

הינדע

עס איז אלץ גרייט צו דער רייזע, פאפא.

יאסעל

איך האב געהאלפען הינדען צוגרייטען.

ר׳ זיסעל

פיין, פיין, קינדער. פאָהר איך היינט נאָך לייפּציג... צו מרדכי׳ן איהר הערט, מרדכי, אַזאַ דין תורה האָב איך שוין לאַנג ניט בייגעוואוינט. זעצט פאָרט זיין געשפּרעך.

עס קומט אַריין דוד. אַ יונגערמאַן פון אונטער דרייסיג. הויך, שלאַנק, בלייך, איידעלע געזיכטסציגע. אַ שאָטען פון שעמעוודיגקייט אין זיין בליק.

הינדע

קוקט דוד׳ן אַנטקעגען

איהר ווילט ריידען מיטן פּאַפּאַ?

דוד

יא, אויב מעגליך.

הינדע צום פאָטער

פּאַפּאַ, ווערסט ענטשולדיגען, דוד וויל דיך זעהן.

ר׳ זיסעל

הויבט אויף דעם קאָפּ

טרעט צו נעהענטער, דוד, וואָס ברייגנט דיך צו מיר?

דוד

קוקט אויף מרדכי׳ן

איך האָב געוואָלט מיט אייך ריידען, נאָר טאָמער האָט איהר ניט קיין צייט... איז רעכט אַן אַנדערש מאָל.

ר׳ זיסעל

צייט?... האַ?... הינדע, ווען געהט אָפּ דער דיליזשאַנס?



הינדע

אין אַ שטונדע.

ר׳ זיסעל

טאַקע ווייניג צייט, ווי דו זעהסט... נאָר אויב נויטיג, מאַך עס קורץ.

דוד

איך האָב אייך געוואָלט זאָגען, הער צירעלזאָהן, אַז די אַרבייטער אייערע... זייט אַ געוויסער צייט, הייסט עס... צייגען אַרויס אַן אומצופרידענקייט...

ר׳ זיסעל

אַז אַרבייטער זיינען ניט צופרידען, מוז דאָך דאָ עפּעס זיין... נו, ביסטו דאָך מאַסטער, זעהט מען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג... איז איצט מיין קאָפּ דערביי?... צו מרדכי׳ן קאָן מען אַלץ האָבען אויפן קאָפּ, ווי מיינט איהר, מרדכי?

מרדכי

איך מיין, אַז אַ מענש איז ניט מעהר ווי אַ מענש. מען קאָן אַלץ אויפן קאָפּ ניט האָבען...

דוד

די אַרבייטער האָבען נייע פאָדערונגען, הער צירעל-זאָהן...

ר׳ זיסעל

איך פאַרלאָז זיך אויף דיר, דוד, און הינדע וועט שוין צוהעלפען.

דוד

וועל איך שוין געהן... איהר וועט מיר ענטשולדי-גען, הער צירעלזאָהן. לאָזט זיך אַפּגעהן.

ה י נ ד ע צו דוד'ן

איך האָף, אַז צו ערנסטעס וועט ניט קומען.

ד ו ד

מען קאָן ניט וויסען. געהט אָפּ.

ר' ז י ס ע ל צו מרדכי'ן

זיצט דער רב אין אַ פאַרלעגענהייט... זאָג איך, אַז דער פסק דין וואָלט געדאַרפט זיין אַזוי: דער פּאָס ערד געהערט טאַקע צו איצע דעם סטאָליער. נאָר היות ווי נחמן האָט שוין אויף איהם אַ חזקה, בלייבט עס אין רשות פון נחמנ'ען. אָבער איצע דאַרף באַקומען פופציג ר"ך שכר היזק...

מ ר ד כ י

שלמה המלך וואָלט ניט געקאָנט בעסער פסק'ענען, אויף נאמנות!

ר' ל י י ז ע ר

אַ בן־שבעים, מיט אַ פּנים, אין וועלכען עס איז קענטיג דער בעזדיעט־ניק, למדן און פּראַצענטניק, טרעט אַריין און קוקט זיך אַרום

אַ גאָט העלף! גיט שלום עליכם ר' זיסלען און מרדכי'ן.

ר' ז י ס ע ל

אַ גאַסט, לייזער, וואָס מאַכסטו?

ר' ל י י ז ע ר

ביי מיר איז געווען דיין יאָסעל... קוקט אויף מרדכי'ן

ש ר ה ג י ט ע ל

איך האָב איהם צו דיר געשיקט.

ה י נ ד ע צו מרדכי'ן

איהר ווילט זיך באַמיהען, מרדכי, אַרויפגעהן מיט מיר אין ווערקשטאַט זעהן, וועלכע שאַכטלען פעהלען נאָך?



מ ר ד כ י

איך בין עס טאַקע צוליב דעם געקומען. געהט אָפּ מיט הינדען דורך דער פאָרהויז־טיר.

ר' ל י י ז ע ר

דיין יאָסעל איז געווען ביי מיר וועגען געלט.

ר' ז י ס ע ל

וועגען געלט? נו, אַז שרה גיטעל האָט געשיקט, מסתמא ווייס זי.

ר' ל י י ז ע ר

דו פאַרגעסט, זיסעל, וויפיל דו ביסט מיר שולדיג...

ר' ז י ס ע ל

וויפיל איך בין דיר שולדיג?... האַ? שרה גיטעל, וויפיל זיינען מיר איהם שולדיג?

ש ר ה ג י ט ע ל

מיר געדיינקען גוט, לייזער, ווען דו דערמאָנסט אפילו ניט...

ר' ל י י ז ע ר

אַז איך זאָל ניט דערמאָנען, ווער דען?

ש ר ה ג י ט ע ל

אָבער ביי יעדער געלעגענהייט...

י אָ ס ע ל שפּרינגט אויף

דער אָנקעל דערמאָנט שוין צופיל.

ר' ל י י ז ע ר

באַטראַכט יאָסלען פון אויבען אַראָפּ, דאַן צו זיסלען

דיין בן יחיד איז ביי דיר אַ שגץ, זיסעל.

ר׳ זיסעל

הא? וואס? מיין יאסעל א שגץ? יאסעל, אמת וואס אנקעל לייזער זאגט?

יאסעל ברעכט אויס

דער אנקעל האט געמענגט אונז וויינינגער צאפען דאס בלוט.

ר׳ לייזער שפרינגט אויף

רבונו של עולם, וואס הערען מיינע אויערען? איך צאפ ביי אייך דאס בלוט? קלאפט זיך אין הארצען איך?

יאסעל דרייסטער

איהר, אנקעל!

שרה גיטעל

וואלסט אנטשוויגען געווארען, יאסעל!

ר׳ לייזער

דריי טויזענט מיט פיער הונדערט רובעל ליגען ביי אייך און איך זעה ניט דעם קרן און ניט דעם פראצענט. שיקט מען צו מיר אט דעם שגץ, איך זאל געבען נאך אן הלואה פון פינף הונדערט רובעל. וואס? ראטשילד בין איך?

הינדע טרעט אריין און הערט די לעצטע ווערטער.

שרה גיטעל

דו הערסט דאך, לייזער, אז זיסעל פאהרט היינט ארויס נאך לייפציג.

ר׳ לייזער

געהערט.

שרה גיטעל

ווען דו גיסט אונז ניט היינט די הלואה, איז אן



עבירה זיסעל׳ס פאהרען. פארשפילט דער לייפציגער מארק.

ר׳ לייזער

איך שמיד ניט קיין געלט.

שרה גיטעל

ווער זאגט דען, אז דו שמידסט?

ר׳ לייזער

אבער ווער צאפט ביי אייך דאס בלוט? ווער, וויל איך וויסען?

הינדע

לייגט ארויף די האנט אויפן אנקעל׳ס שולטער

קיינער ניט, אנקעל.

ר׳ לייזער ווייכער

האסטו געהערט יאסעל׳ס רייד?

הינדע

וואס דארפט איהר זיך ערגערען איבער יאסעל׳ס רייד.

ר׳ לייזער

אבער אז איך שמיד ניט קיין געלט... דריי טויזענט מיט פיער הונדערט ליגען... ניט דער קרן, ניט דער פראצענט... און איך צאפ נאך בלוט...

ר׳ זיסעל

וועלכער האט צוגעקוקט ווי א זייטיגער

דו ווייסט, לייזער, וואס איך וועל דיר זאגען?

ר׳ לייזער

נו, זאג...

ר׳ זיסעל

מיין יאסעל איז גערעכט...

ר' לייזער

דו האָלסט מיט איהם!

ר' זיסעל

ווער האָט דיך געבעטען קומען אהער, וויל איך וויסען?

ר' לייזער

וואָס הייסט? יאָסעל איז ביי מיר געווען.

ר' זיסעל

האָסטו דאָס געלט און קאָנסט געבען, גיט מען! ווען ניט, בלייבט מען זיצען אין דער היים... וואָס ביסטו געקומען זיך אויס'טענה'ן? פע, ניט שעהן פון דיר, לייזער...

ר' לייזער

ווי? דו טרייבסט מיך נאָך פון דיין הויז?

ר' זיסעל

איך טרייב דיך ניט פון מיין הויז, אדרבא, קום אהער וועל איך דיר דערצעהלען פון א דין תורה, וואָס איך האָב היינט בייגעוואוינט ביים רב. איך וויל טאַקע הערען, וואָס וועסטו אויף דעם זאָגען.

ר' לייזער

א וויכטיגער ענין?

ר' זיסעל

מענסט עס הערען, קום אריין דאָ, וועל איך דיר דערצעהלען ביים טיש... געהען ביידע אריין אין עס־צימער. שרה גיטעל געהט נאָך.

יאָסעל

האָט איהר געזעהן, ווי ער וויל ניט שטאַרבען!



צירעל

דער אנקעל איז טאַקע א שטיין... „קרן — פראַצענט“... „קרן — פראַצענט“... זי געהט אָפּ מיט איהר האַנט־ארבייט אין איהר צימער לינקס.

נאָטע דער מלוה

קומט אריין

א גאָט העלף!

הינדע

צייגט איהם א שטוהל

זעצט זיך, ר' נאָטע.

נאָטע בייז

איך בין געקומען ניט זיצען... איך וויל ריידען מיט ר' זיסעל צירעלזאָהן.

הינדע

דער פאָפּאָ איז איצט באַשעפטיגט, איהר קאָנט ריידען מיט מיר.

נאָטע

איך בין געקומען אייך זאָגען, אז איך קאָן לייגער ניט ווארטען. איך מוז האָבען מיין געלט.

הינדע

אויב איהר ברויכט שטאַרק אייער געלט, קאָנט איהר קריגען. נאָר וואָס אזוי מיט אמאָל? איהר באַקומט דאָך פינקטליך אייער פראַצענט.

נאָטע בארוהיגט

פראַצענט, יאָ... אָבער איך וויל אויך זיכער זיין מיטן קרן. ווארום מען שמועסט אין שטעדטעל, אז ר' זיסעל צירעלזאָהן'ס געשעפטען...

הינדע
שלאגט איהם איבער
ר׳ זיסעל צירעלזאהן׳ס געשעפטען געהען ביז לייפציג!

נאטע
יא, איך וויים... אבער מיילער ריידען...

הינדע צו יאסלען. שטיל
געה גרייט צו דעם רייזע־טאש.

יאסעל געהט אריין אין עס־צימער. שרה־גיטעל קומט צוריק. עס דערהערט זיך א גערודער ביי דער הויז טיר. שטימען: „נו, געהט אריין!" „געהט איהר אריין"! עס עפענט זיך די טיר און עס קומען אריין יאנקעל דער קצב, פייוועל דער קליוטניק און קיילע די בעקערקע. זיי בלייבען אלע שטעהן ביי דער טיר, וואגען ניט געהן ווייטער.

הינדע קומט זיי אנטקעגען
וואס איז, אידען?

יאנקעל
איך בין געקומען, ווייסט איהר... עס האקט זיך איהם אפ דאס לשון.

פייוועל
אהן טומעל, יאנקעל, אהן טומעל.

קיילע
כ׳וויים... מען שמועסט אין שטאדט, אז ביי ר׳ זים־לען... נאר איך גלויב ניט, הינדע לעבען... דערזעהט שרה גיטעל א גוט מארגען אייך, שרה גיטעל... וויים איך, למאי מען רעדט!...

נאטע
זעהט איהר שוין אז מען רעדט...



יאנקעל
דערנעהענטערט זיך צו שרה גיטלען
איהר קאנט מיך, שרה גיטעל, אז איך בין א מענש, ווייסט איהר.... עס האקט זיך איהם דאס לשון.

פייוועל
אהן טומעל, יאנקעל, אהן טומעל...

יאנקעל צו פייוולען
לאמיר אויסריידען א ווארט, פייוועל, אז דו לאזט ניט...

הינדע צו דער מוטער
דו ענטפער זיי... געהט אפ אין עס־צימער.

קיילע
למאי מען רעדט... איך גלויב ניט, שרה גיטעל לע־בען... דארף איך אייך דערצעהלען ווי טריי איך בין אייך. נאר אז מען רעדט... איך בין אן ארימע אלמנה מיט קינדערלעך... אזויפיל אנגעבארגט... נאר איך גלויב ניט...

יאנקעל
איך וואלט ביי אייך קיינמאל ניט געמאנט, ווייסט איהר, שרה גיטעל... האב איך ווען ביי אייך געמאנט? נאר אז מען שמועסט, דער, יענער. אט בערל דער קרומער, וואס האט אמאל ביי אייך געארביים, איז אייך ניט קיין גוטער פריינד, ווייסט איהר...

שרה גיטעל
מיר האבען איהם קיין שלעכטס ניט געטאן.

יאנקעל
דערפאר האט ער א לאנגען צונג... נאר קיין רכילות

רייד איך ניט, ווייסט איהר... שמועסט מען... און מיין גבירה'שקייט ווייסט איהר...

פ י י ו ו ע ל

וועך איז דאָס אַ גביר ביי אידען?... און איך... גאָרניט... די עטליכע רובעל וואָלטען מיר איצט געקאָנט צונוץ קומען אין קלייטעל... די לייזונג איז שוואַך... זאָג איך טאַקע צו יאַנקלען... אַהן טומעל... אַז מען קאָן אויסקומען אַהן טומעל...

י א נ ק ע ל

ווער מאַכט עס טומעל? אַז בסך הכל, פייוועל, טומעלסטו גאָר...

פ י י ו ו ע ל שרייט

איך טומעל? האָט איהר געהערט, שרה גיטעל, מיך טומלען? פע, יאַנקעל, ביסט אַן עזות פנים, אויף נאמנות...

ק י י ל ע

אַז איך טענה צו די אידען, ס'קאָן ניט זיין... מאלע וואָס מיילער ריידען... אַן אלמנה מיט זיבען קינדערלעך ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר... ווי וועט דאָס שרה גיטעל טאָן אַזאַ זאַך...

ה י נ ד ע

קומט אַרויס פון עס'צימער

זאָל זיין שטיל, דער פּאַפּאַ פאָהרט נאָך לייפּציג.

ר' זיסעל, אין אַ רייזע־מאַנטעל, קומט אַרויס אין דער באַגלייטונג פון ר' לייזער. הינטער זיי יאָסעל מיט אַ רייזע־טאַש אין האַנט. מינא מיט אַ בוך קומט אַרויס און בלייבט שטעהן אין דער אָפענער טיר. צירעל קומט אַרויס פון איהר צימער. נאַטע, יאַנקעל, פייוועל, קיילע, שטעלען זיך אַן אַ זייט, מאַכענדיג וועג פאַר ר' זיסלען.



מורמל צווישען זיי: „ר' זיסעל פאָהרט אין לייפּציג"... איהר הערט?... אין לייפּציג!"...

ר' ז י ס ע ל

געהענדיג צום הויז טיר, קיינעם ניט זעהענדיג, מיט ר' לייזערן ביי דער זייט

פרעגט דער רב ביי מיר: „וואָס זאָגט איהר, ר' זיסעל?"
— זאָג איך, אַז דער פסק דין וואָלט געדאַרפט זיין אַזוי: —

די לעצטע ווערטער הערט מען שוין ניט. ער דערנעהענטערט זיך צום אַרויסגאַנג. יאָסעל מיטן רייזע־טאַש פון הינטען.

דער פאָרהאַנג פאַלט

## צווייטער אקט

דאס זעלבע צימער און באפוצונג ווי אין ערשטען אקט. פיער וואכען שפעטער.

שרה גיטעל זיצט אויף דער סאפא האלב ליגענדיג. דערביי א קליין טישעל מיט רפואות. הינדע זיצט ביים טיש פארטיפט אין חשבונות, בלעטערט און זוכט. פנים בלאסער און באזארגטער.

שרה גיטעל

דו האסט דאך נאך היינט קיין גלאז טיי אין מויל ניט געהאט, הינדע.

הינדע

מיטן קאפ אין די תשבונות

איך מוז פארטיג ווערען מיט די רעכנונגען, מאמע.

שרה גיטעל

אזוי פיל שטונדען און דו ווערסט נאך ניט פארטיג.

הינדע

ווען רעכנונגען ווערען שווער, איז ניט אזוי לייכט, מאמע...

שרה גיטעל

איך וויים, דארפסט עס מיר ניט זאגען... פארהוסט זיך
איך האב עס נעכטען דערקענט אן דעם פאפא'ס געזיכט...

הינדע

יא, דער פאפא זעהט ניט אויס אם בעסטען...



שרה גיטעל

הינדע, פארבארג ניט פון מיר. מיט וואס איז דער פאפא צוריקגעקומען?

הינדע

בלעטערנדיג די פאפירען

איך בין נאך ניט פארטיג מיט די רעכנונגען, מאמע...

שרה גיטעל

פון דער מינוט, וואס ער האט באטראטען דעם שוועל, האט מען ניט געהערט פון איהם אווארט אויסריידען.

הינדע

דער פאפא איז אלעמאל א שווייגער.

שרה גיטעל

קומט אריין אין הויז אהן א גוטנאווענט, לייגט זיך אין בעט אריין, און אזוי ליגט ער נאך... דאס הארץ זאגט מיר, אז עס איז ניט אומזיסט...

הינדע

ניין, קיין גליקען האט ער ניט געמאכט...

שרה גיטעל

איך שרעק זיך פאר זיין געזונט. א גאנצע נאכט האט ער גערעדט פון שלאף...

הינדע

קיין גוטער סימן איז עס ניט...

שרה גיטעל

און אזוי געדריקט זיינען מיר נאך קיינמאל ניט געוועז...

הינדע

אויבען אין ווערקשטאט איז אומרוהיג. דוד האט שוין פון זיי קיין כח נים.

שרה גיטעל

וואו עס איז קורץ, דארטען רייסט זיך.

הינדע

בלעטערנדיג די פאפירען. פארצווייפעלטער אויסברוך

אבער גאט מיינער ! ווי קריכט מען ארויס פון דער לאגע !... שטויסט אפ די פאפירען אן א זייט.

פון אויבערשטען שטאק דערהערט זיך דאס געזאנג פון א רעוואלוציאנערען ארבייטער ליעד

שרה גיטעל

בליקט ארויף צום באלקען

נים פאר מיין שוואכען קאפ אט דאס געזאנג... ניין, הינדע.

הינדע

ווער קאן אפשטעלען א לויפענדען וואסער...

שרה גיטעל

דו ווייסט, הינדע, די לעצטע צייט דאכט זיך מיר אפט, אז דער באלקען פאלט איין איבער אונזער קאפ...

הינדע

דו שרעקסט זיך פאר דעם, מאמע ?...

שרה גיטעל

איך וויים נים, מיין קינד, צו איך זאל זיך שרעקען, צו נים. איך פיהל נאר, אז עס ווערט אפגעווישט די



מחיצה... מיר אלע פאלען אריין אין א תהום... און זיי אויבען שטעהען און לאכען איבער אונזער חורבן...

הינדע

צו קיין געלעכטער טאר עס נים דערגעהן !...

שרה גיטעל

ווער, מיין קינד, קאן עס פארהינדערן ?

הינדע פארקלערט

דאס פרעג איך זיך אויך, מאמע...

יאסעל

קומט אריין מיט זיין ערפינדונג אין האנט. זעהט אוים בלייך ווי נים דערשלאפען.

איין שרייפעל... און די פליגלען וועלען זיך נעמען דרעהען...

שרה גיטעל

שוין ווידער מיט דיין ערפינדונג, יאסעל !...

יאסעל

א גאנצע נאכט בין איך געזעסען און געארביים, איך בין שוין נאהענט צום ציעל, מאמע...

שרה גיטעל

א גליק האט מיך געטראפען...

יאסעל

ווען מיין ערפינדונג וועט ווערען פארטיג, פאהר איך מיט דעם נאך רינא, נאך פעטערבורג.

הינדע

און דעמאלט ?

יאסעל

דעמאלט וועל איך לאכען פון אנקעל לייזער און

זיין ירושה. איך וועל ווערען א בארימטער מענש... וועל איך אלעמען גליקליך מאכען...

**הינדע** שמייכעלט

דו זעהסט, מאמע, מיר זיינען שוין באזארגט...

**יאסעל**

איהר לאכט פון מיר! אבער איך וועל אייך באווייזען, אז איך קאן אויך עפעס אויפטאן... זאל אנקעל לייזער נישט מיינען, אז איך ווארט אויף זיין ירושה...

**צירעל**

קומט פון גאס, צעטראגען

אזעלכע גראבע יונגען!...

**שרה גיטעל**

וואס איז געשעהן?

**צירעל**

האבען מיך פארפאלגט מיט זייערע פרעכע בליקען, אז איך האב נישט געקאנט דורכגעהן דעם הויף...

**שרה גיטעל**

ווער?

**צירעל**

די סטאטשקעניקעס. זיך פארקליבען אין הויף און מען בונטעוועט.

**הינדע**

מיטאג-צייט האבען זיי א פארזאמלונג. צו צירלען זיי זיינען נישט קיין חיות, צירעל. לעבעדיגערהייט עסען זיי קיינעם נישט אויף...

**צירעל** מיט פאראכטונג

דיינע חברים... שעהנע מענשען... געהט אריין אין



איהר צימער און קומט באלד ארויס מיט האנט-ארבייט. זעצט זיך ביים פענסטער אויף איהר ארט.

**יאסעל**

קוקט ארויס דורכן פענסטער אין הויף

א גאנצע פארזאמלונג... ווי היציג זיי ריידען עס... א, זעהט נאר, וואס טוען דא די ארבייטער פון בערל דעם קרומען'ס בארשטענבינדעריי?

**שרה גיטעל**

אט דער בערעל... געוועזן אמאל אזא געטרייער ארבייטער ביי אונז... זינט ער האט געעפענט זיין ווערקשטאט, איז טאקע געווארען שווער... ער גראבט, הער איך... זאל איך גלויבען, אז ער האט אונטערגעשיקט בונטאוושטשיקעס?

**הינדע**

ער האט אויף זיי א קנאפע דעה, מאמע.

**יאסעל**

ארויסקוקענדיג אין הויף

איך זעה אנקומען דוד'ן... ער רעדט צו זיי... בערל'ס ארבייטער געהען אוועק... אונזערע געהען ארויף אויבען... אבער נישט אלע... צוויי געהען אוועק מיט עפעס א פרעמדען אין א שווארצען העמדעל... ווער איז ער?

**הינדע**

פארבויגט א גארדין פון גאס־פענסטער

זיי געהען אין דער ריכטונג צו בערל'ס ווערקשטאט... שוין ווידער עפעס נייעס...

### צירעל

קוקט אריין אין פענסטער

אוי, הינדע, געה אוועק פון פענסטער... מען קוקט אריין פון גאס...

### הינדע

און אז מען קוקט אריין, איז וואס?

### צירעל

אוי, מאמע, דו הערסט, וואס הינדע זאגט?...

### שרה גיטעל

צירעל איז גערעכט. עס איז ניט שעהן פאר מענשען, ווען מען געהט פארביי און מען זעהט א מיידעל ארויסקוקענדיג פון א פענסטער...

### הינדע

אבער ניט אלץ, מאמע, קאן מען פון מענשען אויסבאהאלטען... געהט אפ פון פענסטער.

פון צווייטען צימער הערען זיך טריט. אלע הארכען אויף. ר' זיסעל באווייזט זיך אין דער אפענער טיר. א שלאף־ראק. פנים בלייך. אויגען טיף אין קאפ. קוקט ארום זיך, ווי ניט זעהענדיג קלאר זאכען בלייבט שטעהן אין טיר אומבאוועגליך.

### הינדע

לויפט איהם אנטקעגען

גוט מארגען, פאפא. ווילסט זיך זעצען?

### ר' זיסעל

קוקט ארום זיך, ווי זיך וועלענדיג אן עפעס דערמאנען

דאס ביסטו, הינדע... גלעט איהר איבערן קאפ און דערלאנגט איהר א קוש אין שטערן.



### שרה גיטעל

קומט איהם אויך אנטקעגען

האסט גוט געשלאפען, זיסעל?...

### ר' זיסעל

נאך אלץ אין טיר

הא?... געשלאפען?... יא, יא, געשלאפען... קוקט זיך ארום שפעט?...

### הינדע

די אוהר איז באלד איינס.

### ר' זיסעל

איינס... לאנג געשלאפען, הא?... טרעט אריין נעהענטער.

### שרה גיטעל

פון ניין נעכטען ביינאכט.

### צירעל

קומט איהם אנטקעגען

גוט מארגען, פאפא.

### ר' זיסעל

א, צירעל... וואס מאכסטו? קושט איהר אין קאפ.

### יאסעל טרעט צו

שלום עליכם, פאפא. איך האב דיך ניט געזעהן נעכטען ביים אנגעקומען.

### ר' זיסעל באטראכט איהם

הא?... זיך ניט געזעהן... דערלאנגט איהם די האנט וואס הערט זיך ביי דיר? זעצט זיך אויף א שטוהל, וואס הינדע טראגט איהם אונטער.

יאַסעל

איך אַרבייט.

ר׳ זיסעל

דו אַרבייסט?... וואָס אַרבייסטו?

יאַסעל

איבער אַן ערפינדונג...

ר׳ זיסעל

אַן ערפינדונג... אַ שעהנער געדאַנק... די וועלט קאָן פאַרנוצען ערפינדונגען. ווי מיינט איהר, קינדער?

קוקט אַרום זיך. אַלע שאָקלען שטום מיטן קאָפּ.

יאַסעל

נעמט זיין ערפינדונג וואָס ער האָט געהאַט ערגעץ אַוועקגעשטעלט

ווילסט זעהן, פּאַפּאַ... אָט אויף דעם אַרבייט איך.

ר׳ זיסעל

באַטראַכט עס און נעמט אין האַנט

דאָס איז עס?... זעהט אויס ווי אַ מילכעל...

יאַסעל

אָט די פליגלען, פּאַפּאַ, וועלען זיך איינמאָל נעמען דרעהען פון זיך... בלויז איין שרייפעל...

ר׳ זיסעל

נעמט אַרויס די ברילען און באַטראַכט עס

אַ פּערפּעטום מאָבילע, אפשר?

יאַסעל

ניין, די באַוועגונג וועט זיין אַ סוד...

ר׳ זיסעל

אַ שעהנער געדאַנק.

שרה גיטעל

וועמען וועט עס ברייננגען נוצען?



ר׳ זיסעל

זאָג עס ניט, שרה גיטעל. אַ שעהנער געדאַנק בלייבט אַ שעהנער געדאַנק, ווען מען זעהט אפילו ניט די נוצען פון איהם. האַ?... האָב איך רעכט, קינדער?... אַלע שאָקלען צו שטיל מיטן קאָפּ.

שרה גיטעל

דו פאַרגעסט, זיסעל, אַז יאַסעל ליגט איבער דעם טאָג און נאַכט. שוין צייט פאַר איהם צו קלעהרען פון אַ תכלית.

ר׳ זיסעל

האַ?... אַ תכלית?... געוויס... צו יאַסלען דו קלעהרסט עפּעס וועגען דעם, יאַסעל?

יאַסעל

איך וועל פאַרטיג מאַכען מיין ערפינדונג, וועל איך... וועט איהר אַלע... באַגעגענט הינדע׳ס בליקען און ברעכט אָפּ.

ר׳ זיסעל

דאָס איז שעהן, מיין קינד, אמת. אָבער... דו ווייסט... יאָ, איהר מעגט עס אַלע הערען... די כחות דינען מיר שוין ניט ווי אַמאָל... דער קאָפּ שוין אויך ניט דאָס... שוואַך... דער זכרון פאַרזאָגט אין גאַנצען... אַמאָל געשעהמט מיט מיין זכרון... האַלב ש״ס אויף אויסענווייניג... און היינט... ניט גוט, ניט גוט...

שרה גיטעל

דאָס רייד איך דאָך, אַז מען זאָל דיר אַרויסהעלפען.

ר׳ זיסעל

אַמאָל, קינדער, אַז איך פלעג קומען אין לייפּציג, איז מען מיר געלאָפען אַנטקעגען... איך האָב אַלץ גע-

וואוסט וואו און וואס... מיין סחורה האט געהאט א נאמען אויפן מארק... נאר לעצטענס ניט דאס מער, קינדער, ניט דאס...

היינדע

פאפא, אט זיינען די רעכנונגען... איך האב זיי דורכגעקוקט.

ר' זיסעל

נו, יא, די רעכנונגען... פארברענט... ווי מיטן פייער אוועק... *בלייבט מיט א געזונקענעם קאפ.*

שרה גיטעל

אוי, זיסעל, אזוי שלעכט איז דיר געגאנגען!...

ר' זיסעל

ניט געווען מיט וואס זיך באווייזן אויפן מארק... אזעלכע שלעכטע סחורה האב איך נאך קיין מאל ניט געבראכט, האבן קויפליים געזאגט... האב איך פאר־שאנקען... ווי מיטן פייער אוועק...

שרה גיטעל

מיר האבן עס פארשטאנען אן דיין שווייגן... נו, און די סחורה, וואס היינדע האט דיר צוגעשיקט?

ר' זיסעל

אויך ניט אויסגעהאלטען די קאנקורענץ... אוועק מיטן רויך... דער לייפציגער מארק איז היי־יאהר פאר־שפילט... *א לאנגע דריקענדע פויזע.* מעהר צו זיך בעסערם ניט געקאנט מאכען, קינדער, ניין, ניט געקאנט...

שרה גיטעל

די בעלי־חובות ווארטען ר' זיסעל זאל צוריקקומען פון



לייפציג... וואס וועט איצט זיין?... *פארחוסט זיך, איז נאהענט צו אנמאכט. יאסעל פיהרט זי אפ צו דער סאפא.*

ר' זיסעל

*שטעלט זיך אויף און געהט צו צו שרה גיטעל*

נו, זעהסטו, אז דו דארפסט זיך אין די געשעפטען ניט מישען. ניט פאר דיין געזונט מעהר... אפשר שיקען נאכן דאקטאר?

שרה גיטעל

ניט נויטיג, עס וועט מיר פארבייגעהן.

צירעל *געהט צו*

זאל איך דיר דערלאנגען די מעדיצין, מאמע?

שרה גיטעל

איז שוין צייט?

צירעל

יא.

*גיסט אן רפואות פון א פלעשעל אין א לעפעל און דערלאנגט דער מוטער*

ר' זיסעל *כאפט זיך*

זעהט נאר... גאר פארגעסען... אזוי שפעט און נאך ניט געדאווענט. שוין עובר קריאת שמע... *חאלט אין אפגעהן אין עס־צימער, בלייבט פלוצלונג שטעהן ווי זוכענדיג עפעס אין זכרון, קוקט זיך ארום* הא?... וואס?... פעהלט דא קיינער ניט אין הויז?...

היינדע

געווים, פאפא, מינא.

ר' זיסעל

יא, מינא... איך פיהל די גאנצע צייט, אז א קינד פעהלט מיר... וואו איז מינא?

ה י נ ד ע

זי איז אין ריגא. האָט אויסגעהאַלטען עקזאַמען אויף זעקס קלאַסען גימנאַזיום. נעכטען געווען פון איהר א בריף. מיר ערוואַרטען זי יעדען טאָג.

ר׳ ז י ס ע ל

זעקס קלאַסען... דאָס איז שעהן... אַ וואויל קינד, מינא. שטענדיג געוואָלט לערנען. דערמאַנט מיר אין גאַנצען מיין מאַמע ע״ה. *העכערט דעם טאָן* מיין מאַמע, קינדער — איהר געדיינקט זי שוין ניט רעכט — פלעגט זיצען טאָג און נאַכט איבער ביכער און ספרים. שילער איז געווען איהר ליעבלינג. פאַרשטאַנען אויך אין די קליינע אותיות׳לעך. האָט אַריינגעקוקט אין דעם טאַטענ׳ס מוסר-ספרים... געווען אַ חכמנית.... גע׳שם׳ט אַ וועלט... מינדעל הינדע׳ס... סוחרים פלעגען קומען צו איהר נאָך עצות... איז וואָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען?... יא... מינא אינאַגנצען די מאַמע ע״ה... זעקס קלאַסען... זעהר שעהן... לערנען קינדער איז אַ גרויסע זאַך. כל-זמן אַ מענש לעבט, דאַרף ער לערנען. אַז דער קאָפּ דינט נאָר... *געהט אַריין אין עס־צימער און מען הערט ווי זיסעל לייגט טלית און תפילין.*

ה י נ ד ע *נאָך אַ פּויזע*

יאָסעל, דו וועסט צוגעהן צום אָנקעל לייזער.

י אָ ס ע ל

וואָס וועל איך ביי איהם טאָן?

ה י נ ד ע

זאָג איהם, אַז פּאַפּאַ איז דאָ און וויל איהם זעהן.



ש ר ה ג י ט ע ל

הינדע, וואָס געהסטו טאָן?

ה י נ ד ע

איך ווייס נאָך אַליין ניט, מאַמע... נאָר עפּעס מוז דאָך געטאָן ווערען...

י אָ ס ע ל

אָבער דער פּאַפּאַ האָט דאָך גאַרניט גערעדט וועגען אָנקעל.

ה י נ ד ע

ווילסט נאָך אַז פּאַפּאַ זאָל ריידען. ניט גענוג, אַז מיר טוען עס אין פּאַפּאַ׳ס נאָמען?...

י אָ ס ע ל

אָבער איך וויל זיין פּנים ניט אָנקוקען!

ש ר ה ג י ט ע ל

דו הויבסט שוין אָן, יאָסעל! קיין שלעכטס האָט דיר דער אָנקעל ניט געטאָן.

י אָ ס ע ל

ליגט איבער זיין אייזערנעם קעסטעל, דער קרח, און גאָר ניט... צו וואָס לעבט אַזאַ מענש אויף דער וועלט, וואָלט איך וועלען וויסען?...

ש ר ה ג י ט ע ל

יאָסעל, יאָסעל...

י אָ ס ע ל

נו, זאָג אַליין, מאַמע, דו פרעגסט, וואָס פאַר אַ נוצען וועט בריינגען מיין ערפינדונג, ווען עס וועט זיין פאַרטיג. איך ווייס נאָך ניט די נוצען, אָבער אַ געדאַנק,

אַ טיפער געדאַנק שטעקט דאָך אין דעם... און אַט נעם אַנקעל לייזער... האָט אָפּגעלעבט אַ לעבען אין זאַמלען גאָלדענע רענדלעך... האַלט זיי אין אַן אייזערנעם קעס־טעל אונטער טויזענט שלעסער... האָט מורא אַרויסגעהן דורך דער טיר, טאָמער, חס וחלילה, וועט זיך אַריינכאַפּען אַ גנב, באַפאַלען אַ פייער... יעדען ביי דער נאַכט, אונ־טער פאַררינגעלטע לאָדענס, באַהאַלטען אפילו פון טאַנטע רחל'ס אויג, עפענט ער דאָס קעסטעל און צעהלט די רענדלעך, צעהלט און צעהלט!... וואָס צעהלט ער?... פאַר וועמען צעהלט ער?... ווער האָט נוצען פון דעם? נו, זאָל זיין נים קיין נוצען... אָבער אַ געדאַנק... וואו איז דער געדאַנק אין דעם?...

### שרה גיטעל

נים אַלע קאָנען לעבען נאָך דיינע געדאַנקען, יאָסעל.

### יאָסעל

איך בעט קיינעם נים. אָבער מיט אַ קליינעם טייל כאָטש פון אַנקעל'ס געלט אין אונזער געשעפט, וואָלט דאָך אַנדערש געווען...

### שרה גיטעל

געלט איז נאָך נים אַלץ. מען דאַרף אויך וועלען צולייגען קאָפּ... און דיין קאָפּ איז פאַרנומען מיט פוסטע זאַכען.

### יאָסעל

איך קאָן האָבען צייט אויך פאַרן געשעפט, אָבער הינדע פיהרט דאָך די גרענדע...



### הינדע

אפשר וואָלט געווען גענוג טענה'ן, יאָסעל, און דו וואָלסט געגאַנגען צום אַנקעל.

### יאָסעל

איך וועל נים געהן.

### הינדע

וועמען זאָל איך שיקען?

### יאָסעל

איך וויים שוין וועמען איך וואָלט צו איהם געשיקט...

### הינדע

דו ווערסט שוין נים צום אויסהאַלטען, יאָסעל.

### צירעל *שטעלט זיך אויף*

איך וועל געהן צום אַנקעל...

### הינדע *איבעראַשט*

איך שיק דיך נים, צירעל, נאָר אַז דו ווילסט...

### צירעל

*טראָגט אַריין די האַנט־אַרבייט אין איהר צימער און קומט באַלד צוריק, גרייט צו געהן*

געה איך...

### יאָסעל *צו צירעל*

קום, איך וועל דיך אַרויסבאַגלייטען. *ער געהט אָפּ מיט צירעל.*

### שרה גיטעל

*שטעלט זיך אויף*

יאָסעל'ס רייד מאַכען מיך אינגאַנצען קראַנק. *געהט אָפּ אין עס־צימער.*

*הינדע נעמט צוזאַמען די ביכער און רעכנונגען פון טיש. דוד קומט.*

דוז

איהר זייט גאַר אַליין, הינדע.

הינדע

ווי איהר זעהט.

דוד

וואו איז הער צירעלזאָהן ?

הינדע

דער פּאַפּאַ איז אין צווייטען צימער.

דוד

איך האָב געוואָלט ריידען מיט הער צירעלזאָהן.

הינדע

נייעס ?

דוד

איהר ווייסט דאָך... אַזוי לאַנג הער צירעלזאָהן איז געווען אין לייפּציג, האָב איך די אַרבייטער צוריקגעהאַלטען פון מאַכען אַ סטאַטשקע. אַבער איצט רייסען זיי זיך... איך קאָן ניט מעהר...

הינדע

וועל איך רופען פּאַפּאַ. געהט צו דער אָפענער טיר פּאַפּאַ, ענטשולדיג, ווילסט זיך באַמיהען...

ר׳ זיסעל פון צווייטען צימער

ווער איז דאָרטען ?

הינדע

דוד.

ר׳ זיסעל פון צווייטען צימער

אָט באַלד, הינדע.



הינדע צו דוד

הערט, דוד. פאַר אייך איז דאָך ניטאָ וואָס צו פאַרבאַרגען... איהר ווייסט כמעט אַלץ... וועל איך אייך זאָגען, אַז דער פּאַפּאַ האָט געהאַט אַ שלעכטען מאַרק... איז צוריקגעקומען מיט ליידיגען...

דוד דערשראָקען

וואָס רעדט איהר !

הינדע

איך זאָג עס אייך, דוד, איהר זאָלט וויסען די אמת׳ע לאַגע... פאַרשטעהן ווי צו ריידען מיט פּאַפּאַ. דער קאָפּ איז איהם איצט פאַרטראָגען. ער ליידעט שווער...

דוד

אפשר אָפּלייגען דעם געשפּרעך אויף מאָרגען ?

הינדע

ניין... וואָס עס דאַרף קומען, זאָל בעסער קומען וואָס פריהער...

דוד

וואָס פריהער איז געווים בעסער.

ר׳ זיסעל קומט אַרויס, באַלד נאָך איהם שרה גיטעל. ער גיט דוד׳ען אַ שטומען שלום עליכם

דוד

שלום עליכם, הער צירעלזאָהן.

ר׳ זיסעל

זעצט זיך און ווייזט אָן דוד׳ען אַ שטוהל

זעץ זיך, דוד, און וואָס איז נייעס ?

דוד

קוקט אויף הינדען

קיין נייעס, הער צירעלזאהן. אלץ נאכן אלטען...

ר' זיסעל

נאכן אלטען... איז דאס אלץ, וואס דו ווילסט מיר זאגען, דוד?

דוד צעגערט

ניט אלץ, הער צירעלזאהן, אבער...

הינדע

פאפא, דוד וויל מיט דיר ריידען וועגען געשעפט...

דוד באקומט מוט

אויב איך שטער אייך ניט, הער צירעלזאהן, האב איך געוואלט מיט אייך ריידען וועגען ווערקשטאט.

ר' זיסעל

שטערען?... פארוואס עפעס שטערען... נו, דער־צעהל, וואס הערט זיך דארטען אויבען?

דוד

אזוי איז נאכן אלטען... מעהר ניט די ארבייט איז לעצטענס אביסעל שוואכער...

ר' זיסעל פארטראכט

שוואכער... אלץ שוואכער... אמאליגע צייטען טאג און נאכט געארבייט... טאג און נאכט...

דוד

איך האב אייך געוואלט זאגען, אז די ארבייטער...

ר' זיסעל

רעדט ווייטער, ווי ניט אונטערבראכען

ניין, ניט אמאליגע צייטען... אלץ אנדערש היינט,



אלץ געביטען... דא... אין לייפציג... קאנקורענץ, שווע-רע קאנקורענץ...

דוד

איך דיינק, הער צירעלזאהן, אז קאנקורענץ איז נאך ניט אלץ...

ר' זיסעל

ניט אלץ, מיינסטו...

דוד

אייער ווערקשטאט ליידעט פון נאך עפעס...

ר' זיסעל

הא?... פון וואס ליידעט עס?...

דוד

קוקט אויף הינדע'ן

איך ווייס ניט, אויב איך מעג זיך ערלויבען צו ריידען מיט אייך אזוי פריי...

הינדע

איהר דארפט זיך ניט זשענירען, דוד. זאגט וואס איהר דיינקט...

ר' זיסעל

דו מעגסט ריידען, דוד. א גלייך ווארט, א געדאנק, האב איך ליעב צו הערען.

דוד

אייער ווערקשטאט, הער צירעלזאהן, פעהלען דריי זאכען...

ר' זיסעל

דריי זאכען?... נו, לאמיר הערען...

דוד

אייער ווערקשטאט פעהלט א בעל-הבית, א פיהרער און א קאפ...

ר' זיסעל

קוקט אויף דוד'ן לאנג, ווי ניט פארשטעהענדיג דאס געזאגטע

הא?... וואס פעהלט מיין ווערקשטאט, זאגסטו?...

שרה גיטעל

דוד האט גערעדט דייטליך...

ר' זיסעל

א בעל-הבית, זאגסטו, פעהלט?... וואס רעדסטו נא-רישקייטען, דוד! הע... וואס הייסט, עס פעהלט א בעל הבית?... און וואו בין איך?... אין א קרעפטיגען טאן איך בין בעל-הבית!... בין איך עס, צי ניט?... קוקט זיך ארום און באגעגענט שטומע בליקען יע... א פיהרער... האב איך דיר שוין געזאגט, אז דו ביזט מאסטער און איך פארלאז זיך אויף דיר... פארשטעהסט אן ענין... קענסט די ארבייט...

דוד

אבער די ארבייטער זיינען ניט צופרידען.

ר' זיסעל

נו, קומט מען דורך... וואס קאנען זיי דארטען ניט צופרידען זיין?... א קלייניגקייט מסתמא... הערט מען אוים די טענות און מען קומט דורך... און וואס דו זאגסט, אז עס פעהלט דארטען... הא?.. וואס?.. א קאפ?.. אמת, ביזט גערעכט... דער קאפ דינט מיר שוין ניט ווי אמאל... שוואך געווארען... ניט מעהר דאס... אבער



וואו איז הינדע?... הינדע האט דאך איהר קאפ אין געשעפט. זי איז מיין גאנצער קאפ, הינדע... גלעט הינדע'ס קאפ א שלעכטער קאפ אפשר, דוד?

דוד פארשעהמט

הינדע איז זעהר איבערגעבען דעם געשעפט.

ר' זיסעל מוטיגער

נו, זעהסטו, פעהלט שוין דעם געשעפט גאר ניט... עס איז דא אלץ, וואס מען דארף... די איינציגע צרה איז די קאנקורענץ... די שווערע קאנקורענץ... און וואס די צייטען היינט זיינען סתם ניט די אמאליגע... דאס גאר... בין איך גערעכט, קינדער?... קוקט זיך ארום.

דוד

איך וועל אייך זאגען דעם אמת, הער צירעלזאהן, איהר האט אויף מיר ארויפגעלייגט א צו גרויסע פאר-אנטווארטליכקייט.

ר' זיסעל

וואס? דיר איז שווער ביי מיר?

דוד

מיר איז ניט גרינג... איך בין דער מאסטער פון ווערקשטאט און בין פאר אלץ פאראנטווארטליך, צו אייך און צו די ארבייטער. איהר ערווארט גוטע אויסגעארבעטע סחורה...

ר' זיסעל

אי, ווען איך האב עס אין לייפציג...

דוד

זיי ערווארטען ארבייט, געהאלט... מעהר געהאלט... האבען נייע פאדערונגען... מען רעדט פון א סטאטשקע...

קוים וואָס איך האַלט זיי איין... מען מוז זיך מיט די אַרבייטער דורכריידען... עס קאָן ווייטער אַזוי ניט געהן...

ר' זיסעל

גענוים דאַרף מען זיך דורכריידען, ווער זאָגט דען, אַז ניט? נו, נעם און רייד זיך מיט זיי דורך... מיין קאָפּ איז ניט דערביי... איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס הייסט: אַרבייטער זיינען ניט צופרידען... נאָר גאָר ניט... זיי האָבען טענות — רעדט מען זיך דורך... הינדע קאָן דיר אַרויסהעלפען.

שרה גיטעל

פון דעסטוועגען, זיסעל, האָסטו געמעגט אַליין אויך זעהן, וואָס אויבען טוט זיך.

דוד

איך מוז אייך זאָגען, הער צירעלזאָהן, אַז איך פיהל זיך שלעכט. איך בין ניט מעהר ווי אַן אַרבייטער... די אַרבייטער, קענטיג, האָבען פאַרלאָרען דעם פאַרטרויען אין מיר... מען האַלט אַף פאַרזאַמלונגען הינטער מיין רו־קען... מיר איז עס ניט גרינג... יאַ, אַ דעלעגאַציע פון די אַרבייטער קלייבט זיך צו אייך. איהר קאָנט זי היינט ערוואַרטען.

ר' זיסעל *ציטערט אויף*

אַ דעלעגאַציע?!... נו, וועט מען קומען, וועל איך ריידען... אדרבא, איך האָב צו זיי גאָר ניט... אַז מענשען האָבען טענות, לאָמיך הערען... מיט גוטען קאָן מען אויסקומען... *אין אַן אויפגערעגטען טאָן* אָבער בייזקייט האָב איך פיינט... איך לייד ניט, אַז מען סטראַשעט... דו



הערסט, דוד, איך האָב עס פיינט. מעגסט זיי זאָגען אין מיין נאָמען... וועלען זיי קומען, וועל איך פאַר זיי מיין טיר ניט פאַרשליסען. אָבער אָהן בייזקייט, דו הערסט, אָהן רוגזה...

הינדע

צו וואָס דאַרפסטו זיך אויפרעגען, פּאַפּאַ...

דוד *שטעלט זיך אויף*

איך האָב אַלץ געטאָן צו פאַרמיידען... נאָר זיי רייסען זיך... *לאָזט זיך געהן.*

הינדע *צו דוד'ען*

איך וויל, דוד, איהר זאָלט וויסען, אַז צו קיין סטאַטש־קע טאָר עס ניט קומען...

דוד

איך פון מיין זייט האָב אַלץ געטאָן. אָבער מיין לאַגע. איהר זעהט דאָך...

הינדע *אַנטשלאָסען*

איך וועל אייך העלפען, דוד...

דוד *קוקט איהר אָן*

איהר מיר העלפען?... וועל איך אייך דאַנקבאַר זיין, הינדע... *געהט אָפּ.*

ר' זיסעל *קוקט זיך אַרום*

איז שוין דוד אַוועקגעגאַנגען? אַ וואוילער יונגערמאַן, נאָר אַ ביסעל אַ שוואַכער... וואָלט געדאַרפט האַלטען דעם ווערקשטאַט שטאַרקער אין די הענט... ניט קומען צו מיר מיט אַלע נאַרישקייטען, עס זאָל מיך אויפרעגען... אַ דעלעגאַציע גאָר... סטאַטשקעס... ווען האָב איך עס געהערט?... וואָס זאָגסטו, שרה גיטעל?

שרה גיטעל

איך זיץ אזוי און הארך... קוק ארויף צום באלקען און זעה, ווי ער טרייסעלט זיך איבער אונזער קאפ... זינקט... פאלט איין...

ר׳ זיסעל

הא?... וואס פאלט איין?...

שרה גיטעל

דו האסט דאך געהערט...

ר׳ זיסעל

*קוקט ארויף צום באלקען, ניט פארשטעהענדיג*

שרה גיטעל, גאט איז מיט דיר... דער באלקען פאלט איין?... דו רעדסט פון היץ, חס וחלילה... אונזער מויער?... ער שטעהט דאך שוין אזוי איבער הונדערט יאהר... איינגעפונדעוועט!... פעסט!... מיין עלטער זיידע, ר׳ זיסעל מעמלער, האט איהם געבויט... אן ארכיטעקט פון ריגא געבראכט... פלעגט דער זיידע דערצעהלען. זיין נאמען האט גע׳שם׳ט אין ווייטע מדינות... זיין האנדעל איז געגאנגען פון לייפציג און קעניגסבערג ביז ריגא און מאסקווא... ר׳ זיסעל מעמלער האט פיינט געהאט שפילכלעך... האט ער געבויט א מויער, איז געווען פריציש... געמויערט!... זעהט נאר די ווענט... א פעסטונג! איבער אן ארשין די דיק... און דו, שרה גיטעל, רעדסט גאר פון... *הויבט אויף דעם קאפ. פון הויבען דערהערט זיך דאס געזאנג פון א רעוואלוציאנערען ארבייטער־ליעד* הא?... וואס איז דארט?... *זיין אויג בלייבט שטעהן לאנג אויף איין פונקט. ער כאפט אן הינדע׳ס הענט* אוי, הינדע, זעה נאר... א שפאלט... עס עפענט זיך... עס פאלט... אן...



דארטען... *ער ברעכט צוזאמען אויף א שטוהל, מיטן קאפ אין די הענט.*

הינדע

פאפא, דו ביסט נאך מיד פון דער רייזע... וואלסט געדארפט זיך צולייגען.

שרה גיטעל

דו האסט דאך היינט אין מויל ניט געהאט, זיסעל.

*עס קומט אריין מינא אין באגלייטונג פון מאיראוויטש. ער טראגט איהר נאך א קליינעם טשעמאדאן, שטעלט עס אוועק און א זייט. בײדע גריסען מיט „גוטען טאג“. מינא קושט די מוטער, הינדען און בלייבט שטעהן אומענטשלאסען פארן פאטער.*

שרה גיטעל

זעה, זיסעל, ווער עס איז דא.

*ר׳ זיסעל זיצט אומבאוועגליך*

מינא

פאפא, דאס בין איך...

ר׳ זיסעל

*הויבט אויף דעם קאפ*

דאס ביסטו, מינא... *זי בויגט זיך צו איהם איין און ער קושט זי* דו האסט מיר געפעהלט, טאכטער... די גאנצע צייט פיהל איך, אז דו פעהלסט מיר...

מינא

קאנסט מיך גראטולירען, פאפא. האב געמאכט עקזאמען אויף זעקס קלאסען.

ר׳ זיסעל

שעהן פון דיר, וואס דו ווילסט לערנען... לערנען, קינד, איז א גרויסע זאך...

מינא

איך האָב עס אַלץ צו פֿאַרדאַנקען הערן מאַיראָוויטש...

מאַיראָוויטש

זיך באַגריסענדיג מיט ר׳ זיסעל

אייער טאָכטער איז צו באַשיידען, הער צירעלזאָהן. זי וואָלט אָהן מיר פּונקט אַזוי גוט געמאַכט.

ר׳ זיסעל

זאָגט עס ניט. אַ לעהרער איז נוצליך. מכל מלמדי השכלתי — לערנען קאָן מען פֿון יעדען.

שרה גיטעל

איך וועל אייך בעטען אין עס-צימער. הונגעריג געווים אַלע. און הער מאַיראָוויטש וועט דאָך מיטהאַלטען?

מאַיראָוויטש

איך דאַנק. האָב ניט קיין אַפּעטיט... און איך מוז נאָך זיין ביי דר. ראָזענבערג. פֿאַרשפּראָכען.

מינא

הער מאַיראָוויטש וועט מיטהאַלטען מיט אונז.

ר׳ זיסעל, שרה־גיטעל, מינא און מאַיראָוויטש געהען אָפּ אין עס־צימער.

שרה-גיטעל אין טיר

דו ביסט ניט פֿאַרהונגערט, הינדע?

הינדע

קוקט אַרוים אין גאַס־פֿענסטער

באַלד, מאַמע...

שרה־גיטעל אָפּ. יאָסעל קומט אַריין און קוקט זיך אַרום.

פֿון וואַנען קומסטו?

יאָסעל

פֿון אַ שפּאַציר.



הינדע

עפּעס נייעס?

יאָסעל

די שטאָדט קאָכט שוין, אַז ר׳ זיסעל צירעלזאָהן איז צוריקגעקומען אַן אָפּגעברענטער...

הינדע

ווי שנעל די פּאָטשטען פֿליהען...

יאָסעל

איך געה אין גאַס און פֿון אַלע זייטען אַזעלכע מאָדנע בליקען אויף מיר... איינער קוקט בייז... אַ צווייטער מיט רחמנות... דורכגעהן דעם גיהנום דאַרף ניט זיין גרינגער...

הינדע

קלעהרסטו ניט, יאָסעל, דעם גיהנום צו לעשען?...

יאָסעל

איך קלעהר... איך געה די גאַנצע צייט און קלעהר... נאָר דער שרייפֿעל געפֿינט זיך ניט אַזוי לייכט...

הינדע

מעהר צו זיך

ניין, ניט לייכט צו לעשען, ווען דער פֿייער איז ביים טיר... מונטערער, נעמט יאָסלען ביים אָרעם נו, קום אַריין צו מיטאָג. האַלטען אין אַריינגעהן אין עס־צימער.

ציהעל

קומט אָן פֿון גאַס. זעהט אוים צורודערט

ווען איך ווייס עס, וואָלט איך ניט געווען געגאַנגען...

היינדע

וואס? דער אנקעל וויל ניט קומען?

צירעל

דער אנקעל וועט דא באלד זיין. איך האב די גאס ניט געקאנט דורכגעהן...

יאסעל

דו הערסט, היינדע?...

היינדע

וואס איז געשעהן?...

צירעל

זייערע בליקען... ניט אויסצוהאלטען פון זיי...

היינדע

פון וועמען?

צירעל

דרעהען זיך ארום הויז סטאטשקעניקעס און שטעכען דיך ווי מיט שפיזען...

היינדע

א, דאס מיינסטו...

יאסעל

וואס איהר ליגט אין זינען!

היינדע

וועסט אריינגעהן עסען, צירעל? מיר האבען א גאסט.

[illegible]על

וועמען?

היינדע

מינא.



צירעל

מינא איז דא!... איך געה שוין... שטעלט איינינגע טריט און בלייבט שטעהן ווער נאך איז דארטען?

היינדע

מאיראוויטש.

צירעל

געה איך ניט...

היינדע

זיי ניט קיין ווילדע און קום אריין.

צירעל

וועל קומען שפעטער...געהט אריין אין איהר צימער און קומט באלד ארויס צוריק מיט איהר האנט־ארבייט, זעצט זיך ביים פענסטער, העקעלט און זינגט

און זא בלייכעט מיינע יוגענד...

הינדע און יאסעל זיינען אפגעגאנגען אין עס־צימער

לאה׳קע

קומט אריין, לויפט צו שנעל א פארסאפעטע

דו ביסט אליין, צירעל?

צירעל

דא אליין... דארטען עסט מען... האסט נייעס?...

לאה׳קע פרעהליך

אינטערעסאנטע נייעס...

צירעל

דערצעהל.

לאה׳קע

ווארט... וואס פריהער?... דו ווייסט, יענע מיידעל איז אוועקגעפארען...

צירעל

וועלכע?

לאה'קע

אט די, וואס האט זיך אויפגעהאלטען אין דעם הויז מיט די גרינע לאדענס, ביים טייך...

צירעל

טאקע?

לאה'קע

זי איז ביי מיר געווען פארן אפפאהרען... זי האט גע־וויינט, ווען איך האב איהר פארגעלעזען דעם בריף פון איהר חתן... ער האט איהר באפוילען באלד קומען צוריק... עס איז פון בריף קענטיג געווען, אז ער איז איהר חושד... זי האט באלד געכאפט דעם דיליזשאנס און געלאפען...

צירעל

איז זי אוועקגעפאהרען... און ווער איז איצט אין דעם הויז מיט די גרינע לאדענס?...

לאה'קע

איך וויים ניט...

צירעל

האט זי דיר אפשר געציינט א בילד פון איהר חתן?..

לאה'קע

ניין.

צירעל

דאס אלץ?...

לאה'קע

איך האב פאר דיר גאר אן אנדער נייעס...



צירעל

וואס?

לאה'קע

הער א געשיכטע, צירעל. היינט אין דער פריה קומט אריין א איד צו אונז אין הויז, זאגט ער איז א שדכן און אז ער האט א וואוילען יונגענמאן פאר מיר...

צירעל

פאר דיר א יונגענמאן?!...

לאה'קע

יא.

צירעל נייגעריג

ווער איז ער?...

לאה'קע

ער איז פון אן אנדער שטאדט. דער טאטע האט געזאגט, אז מען דארף איהם אנקוקען...

צירעל

באטראכט לאה'קען מיט מאדנע בליקען

לאה'קע, דו ווילסט טאקע חתונה האבען?...

לאה'קע

אויב א פיינער יונגערמאן, וואלט איך איינגעוויליגט...

צירעל

נעמט אן לאה'קען ביי די הענט

א, לאה'קע, טו עס ניט...

לאה'קע

פאר וואס?...

צירעל

זיי זיינען אלע שווינעו...

לאה'קע

זאג עס ניט, צירעל. עס זיינען דא אויך פיינע יונגע־לייט...

צירעל

מיר וועט זיין אומעטיג אהן דיר...

לאה'קע

פאר וואס? איך וועל פארבלייבען דיין פריינדין אויך נאך דער חתונה... *פארקלעהרט זיך. איהרע אויגען לייכטען אויף פון א געדאנק* א, צירעל... איך האב שיער ניט פאר־געסען... דער טאטע זאגט צו מיר היינט טאקע, אז ווען צירעל שרה גיטעל'ס זאל זיין א מענש, וואלט ער איהר גערעדט א שידוך...

צירעל *פרייליך*

פאר מיר?!... *ברעכט פלוצלונג אוים אין א ווילדען גע־לעכטער* כא־כא־כא...

לאה'קע

יא, אזוי האט ער געזאגט...

צירעל

פאר מיר א שידוך?!... אוי, איך וויל ווידער לאכען... *פלוצלונג ערנסט* ווער איז ער?...

לאה'קע

ווער?

צירעל

דער יונגערמאן...

לאה'קע

איך ווייס ניט... דער טאטע האט מיר ניט געזאגט...



ער האט נאר געזאגט, אז ווען דו זאלסט וועלען... וואלט ער נאך היינט איבערגערעדט מיט דיין פאפא און מאמע...

צירעל

ניין, זאל ער ניט ריידען!

לאה'קע

פאר וואס?

צירעל

איך וויל נאך ניט חתונה האבען... וואס?... זעה איך דען אוים אזוי אלט?...

לאה'קע

מעהר ווי צוואנציג קאן מען דיר ניט געבען...

צירעל

איך בין דאך אבער מעהר... זאג, לאה'קע, וואס זעהען די יונגעלייט אויף מיר, אז זיי קוקען אזוי מיר נאך?...

לאה'קע

דו ביסט א שעהנע, דו ווייסט עס ניט.

צירעל

טאקע?... אבער שוויינען זיינען זיי אלע...

לאה'קע

יא, אפטמאל...

צירעל *פארטראכט זיך*

ווער איז ער, דער יונגערמאן?

לאה'קע

וואס דער טאטע וויל דיר ריידען? איך ווייס ניט...

צירעל

קומט ער ניט אפט פארביי אונזער הויז און קוקט אריין אין פענסטער?...

לאה׳קע

איך ווייס נים.

צירעל

פאַרוואָס ווייסטו נים?...

לאה׳קע

פון וואַנען זאָל איך וויסען?...

צירעל

בעסער אַזוי... בעסער נים וויסען...

לאה׳קע

פאַרוואָס בעסער?

צירעל *אינטים*

דו ווייסט, לאה׳קע, די נאָהענטקייט פון אַ יונגענמאַן שרעקט מיך...

לאה׳קע

טאַקע?...

צירעל

און דיך נים?...

לאה׳קע

כ׳ווייס... אָפט פיהל איך אַ ציטער, ווען אַ יונגערמאַן שטעהט נאָהענט נעבען מיר...

צירעל

מען דאַרף זיך נים איילען, לאה׳קע...

לאה׳קע

דו מיינסט...

צירעל

מען דאַרף פון דעם נים טראַכטען... בעסער אַז מען טראַכט נים...



לאה׳קע

ס׳קאָן זיין, אַז ס׳איז בעסער...

צירעל

דו טראַכסט אָפט פון דעם?

לאה׳קע

נים אַזוי אָפט... אַ פאָר מאָל אַ טאָג... מייסטענס ביינאַכט...

צירעל

וואָס טראַכסטו?...

לאה׳קע

איך טראַכט נים... עס טראַכט זיך פון זיך...

צירעל

*קוקט אָן לאה׳קען. י שאַרף*

טו ווי איך טו... פאַרטרייב די געדאַנקען...

לאה׳קע

מיט וואָס פאַרטרייבסטו זיי?

צירעל

איך פאַרטרייב זיי...

לאה׳קע

זאָג מיר אויך...

צירעל *בייט דעם טאָן*

פאַר דיר, לאה׳קע, וועט טאַקע זיין בעסער, דו זאָלסט חתונה האָבען...

לאה׳קע

פאַר מיר יאָ און פאַר דיר נים?...

צירעל

דו קאָנסט זיך מיט מיר נים פאַרגלייכען...

לאה׳קע

איך וויל זיך גאָרניט פאַרגלייכען מיט דיר... דו ביסט די טאָכטער פון ר׳ זיסעל צירעלזאָהן און מיין טאַטע איז מרדכי שאַכטעלמאַכער...

צירעל

איך האָב ניט דאָס געמיינט, לאה׳קע, אַנטשולדיג...

מרדכי קומט אַריין

זעה נאָר, לאה׳קע איז דאָ! נו, וואו דען וועט זי זיין, אַז ניט ביי צירלען... געה אַהיים. די מאַמע דאַרף דיך...

צירעל

צו לאה׳קען. שטיל

אָ, לאה׳קע, זאָג דיין טאַטען, ער זאָל ניט ריידען... דו הערסט!

לאה׳קע

איך הער... געהט צום טאַטער. שטיל טאַטע, איך וויל דיר עפּעס זאָגען... דו קענסט דאָך צירלען... נו, האָב איך איהר דערצעהלט, אַז דו האָסט פאַר איהר אַ שידוך... איך האָב עס געמוזט...

מרדכי

זאָגען קאָסט קיין געלד ניט...

לאה׳קע

זי וויל אָבער ניט... זי פאַרבאָט דיר צו ריידען וועגען דעם...

מרדכי

נאָך גוט, אַז זי וויל ניט... וואָס טו איך, אַז זי וויל יאָ...



לאה׳קע

איז וועל איך שוין געהן. זיי מיר געזונט, צירעל. אָפּ.

מרדכי צו צירלען

וואו איז דער טאַטע?

צירעל

אין עס-צימער. איהר דאַרפט איהם?

מרדכי

יאָ, געוואָלט איהם זעהן... זוכט מיט די אויגען דורך דער אָפענער טיר.

צירעל נייגעריג

וועגען וואָס?...

מרדכי

אָט אַזוי... איהם אָפּגעבען שלום עליכם. און עפּעס וועגען אַן ענין...

צירעל

וועגען מיר אפשר?...

מרדכי

וואָס עפּעס וועגען דיר?...

צירעל

האָט אייך לאה׳קע גאָר ניט געזאָגט?...

מרדכי

הא, דאָס... נו, רייד איך ניט...

צירעל

איהר האָט איהם געזעהן?...

מרדכי

וועמען?

צירעל

איהר ווייסט, וועמען איך מיין...

מרדכי

וועמען געזעהן!... ניט געזעהן און ניט גערעדט...

רייסט זיך צום עס־צימער, פון וועלכען עס קומען ארויס ר' זיסעל, שרה־גיטעל און הינדע שלום עליכם, ר' זיסעל.

ר' זיסעל

עליכם שלום. וואס הערט מען עפעס, מרדכי?

מרדכי

אט אזוי שטופט מען די טעג... און ווי איז אייך געגאנגען?

ר' זיסעל

ניט די אמאליגע צייטען...

מרדכי

אודאי. יעדער פיהלט עס.

ר' זיסעל

קאנקורענץ... שווערע קאנקורענץ...

מרדכי

אט א שטייגער בערל דער קרומער מיט זיין באר־שטענבינדעריי...

הינדע

ער קאנקורירט ניט מיט אונז...

ר' זיסעל

אביסעל דא, אביסעל דארטען... עס ווערט שווע־רער...

מרדכי

אז מען רעדט שוין וועגען בערל דעם קרומען, וויל



איך אייך טאקע וואס דערצעהלען... באגעגענט ער מיך היינט אין מארק און שטעלט מיך אפ... צו האב איך געזעהן ר' זיסעל צירעלזאהן נאך זיין צוריקקומען פון לייפציג?... צו ווייס איך, אז ער האט געהאט א שלעכטען מארק?... צו ווייס איך דאס, צו ווייס איך יענעם?... הכלל, וואס וויל ער?... ער איז אייך קיין שונא ניט, זאגט ער... ער וויל אייך ארויסהעלפען... אויב איהר ווילט איהם אריינעהמען פאר א שותף, צו גאר פארקויפען דעם ווערקשטאט?...

ר' זיסעל צוטערט אויף

הא?... וואס רעדט ער?... וואס וויל ער?...

שרה גיטעל

ניש שעהן פון אייך, מרדכי, צו קומען צו אונז מיט אזעלכע פאטשטען.

מרדכי

האט ניט קיין פאריבעל... אזוי האט ער צו מיר גערעדט... איך האב געמיינט, אפשר... כ'ווייס... אייך לטובה...

ר' זיסעל

אויפגערעגט און פארלארען

א טובה!... הא?... ווער דארף טובות?... דאר־פען מיר טובות, הינדע?...

הינדע

בארוהיג זיך, פאפא. קיינער פארלאנגט ביי קיינעם קיין טובות ניט!...

ר' זיסעל

בערל דער קרומער — אונזער שותף?!.. הא? וואס? דארפען מיר שותפים, הינדע?...

הינדע

אַ, ניין, פּאַפּאַ...

ר׳ זיסעל

זאָג איהם, אַז מיר דאַרפען ניט... איך קאָן ניט... דער קאָפּ!... דער קאָפּ! ... כאַפּט זיך ביים קאָפּ און זינקט האַלב־באַוואוסטלאָז אויפ׳ן שטול.

מרדכי

איז וועל איך שוין געהן... איהר דאַרפט אָבער אויף מיר קיין פאַריבעל ניט האָבען. איך בין אייך קיין שונא ניט.

שרה גיטעל

מיר האָבען צו אייך גאָר ניט, מרדכי.

מרדכי מוטיגער

איך געה שוין צו בערל דעם קרומען און ער וועט פון מיר לייזען!... אַ חוצפה פון אַ מענשען!... זיך פאַרגלוסט אַביסעל!... אַ גוטען! געהט אָפּ.

יאָסעל, מאיראָוויטש און מינא קומען אַרויס פון עס־צימער

יאָסעל

ווי פאַרטזיצענדיג

אייער מיינונג, הער מאיראָוויטש, איז מיר וויכטיג... ווילט איהר זיך באַמיהען אַרויפצוגעהן צו מיר אין אַר־ביימס-צימער?

מאיראָוויטש

מיט פאַרגעניגען. פאַרנויגט זיך און געהט אָפּ מיט יאָסלען.

מינא

געהט צו צו צירלען. קושט זי

וואָס מאַכסטו, צירעל?



צירעל

איך העקעל, שטריק... ווי דו זעהסט...

מינא

אימער דו העקעלסט און שטריקסט... און אַלץ אויף דעם זעלבען אָרט... קוקט זיך אַרום קיין זאַך בייט זיך ניט אין דעם הויז...

צירעל

דו ווייסט ניט, מינא... זעה, ווי דער פּאַפּאַ זעהט אויס...

מינא

קוקט אויפן פאָטער

אַ, ווי דער פּאַפּאַ זעהט אויס...

ר׳ לייזער קומט אַריין, קוקט זיך אַרום ווי אַ ברוגז׳ער און געהט צו ר׳ זיסעל מיט אַ שלום עליכם

ר׳ זיסעל

הויבט אויף דעם קאָפּ

עליכם שלום... זיץ, לייזער.

ר׳ לייזער

דו האָסט נאָך מיר געשיקט...

ר׳ זיסעל

האָ?... מסתמא געשיקט...

ר׳ לייזער

נו, בין איך געקומען .. גוט, וואָס דו האָסט געשיקט דיין צירלען, ווען דו שיקסט דעם שנץ דיינעם, יאָסלען, קום איך ניט...

**ר׳ זיסעל**

ביסט נאָך אַלץ אין כעס אויף מיין יאַסלען?

**ר׳ לייזער**

אַז ער וואַקסט ביי דיר אָהן תכלית, האָט ער אַ גרויס מויל... נו, מילא, דיינע קינדער, ניט מיינע... זאָג זשע מיר, ווי איז דיר געגאַנגען דאָרטען?

**ר׳ זיסעל**

אָט ווי דו זעהסט...

**ר׳ לייזער**

זעהן זעה איך גאָרניט... געהערט אָבער האָב איך... נו, מילא... אין שטאָדט איז שוין פון צירעלזאָהן׳ס מויער גאָר ניט פאַרבליבען... די בעלי חובות האָבען שוין צענומען די ווענט מיט די טירען, ניט איבערגעלאָזט פאַר אייך אַ שפּענדעל...

**ר׳ זיסעל** צימערט אויף

האַ! וואָס זאָגסטו?...

**ר׳ לייזער**

איך זאָג גאָרניט... וואָס האָב איך צו זאָגען?... איך האָב דען אַ חלק?... אַי עס קומט מיר פיער טויזענט רובעל... נו, מילא, מיין געלט איז קיין געלט ניט... מיין פּראָצענט קיין פּראָצענט ניט...

ר׳ זיסעל שטעלט זיך אויף און לאָזט זיך אַ שווייגענדער געהן צום עס־צימער.

**ר׳ לייזער**

וואָס אַנטלויפסטו? האָסט נאָך מיר געשיקט און אַנטלויפסט!



**ר׳ זיסעל**

אין דער אָפענער טיר פון עס־צימער

איך האָב נאָך דיר ניט געשיקט און וויל ניט חערען דיינע רייד געהט אָפּ אין עס־צימער.

**ר׳ לייזער**

וואָס טוט זיך דאָ!... קוקט נאָך אין דער אָפענער טיר משוגעת! ניט ביים זינען.

**שרה גיטעל**

רייד ניט אַזעלכע ווערטער, לייזער.

**ר׳ לייזער**

איך טאָר שוין אַ וואָרט ניט אויסריידען... אַ דם שונא בין איך...

**שרה גיטעל**

דו זעהסט, אַז זיסעל איז אַ דערשלאָגענער... מיר טרינקען זיך... קומסטו שיטען זאַלץ אויף די וואונדען...

**ר׳ לייזער**

נו, יאַ... פיער טויזענט רובעל איז זאַלץ אויף די וואונדען... גוט. שווייג איך. וועל פאַרשליסען מיין מויל, ניט ריידען — און וואָס דעמאָלט?

**הינדע**

אָנקעל, געדאַרפט האָט עס מיט אייך ריידען דער פּאַפּאַ, נאָר איהר זעהט דאָך, ווי ער פיהלט. וועל איך מיט אייך ריידען... לייגער אַזוי געהן קאָן עס ניט... איהר ווייסט, ווי מיר האַלטען.... די לעצטע האָפנונג, דער לייפּציגער מאַרק, איז צערונען געוואָרען... מיר זיינען אויפן שוועל פון באַנקראָט. עפּעס מוז געטאָן ווערען, זיך צו ראַטעווען. סיידען אַנטלויפען אַלע מאָרגען פון דאַנען

און איבערלאָזען אַלץ אין די הענט פון די בעלי חובות...
זייט איהר וויליג אונז איצט צו העלפען, אַנקעל?

ר׳ לייזער

איך?... מיט וואָס קאָן איך העלפען?

הינדע

איך וועל פאַר אייך עפענען די ביכער, אַנקעל. זייט איהר בארייט אונז צו באָרגען די סומע געלט, וואָס איז נויטיג צו ראַטעווען אונזער הויז פון באַנקראָט און אַריינ־ברײנגען צוריק לעבען אין ווערקשטאַט?

ר׳ לייזער

דו רעדסט ווי אַ קינד, הינדע. וואו זאָל איך נעמען?

הינדע

אויב איהר ווילט, אַנקעל, קאָן דאָס הויז און דאָס געשעפט איבערגעשריבען ווערען אויף אייער נאָמען.

ר׳ לייזער *ציטערט אויף*

וואָס רעדסטו הינדע!... ווער דאַרף אייער הויז?... וואָס טויג מיר אייער געשעפט?... ניין, זיסעל צירעל־זאָהנ׳ס הויז דאַרף בלייבען ווי געוועזן.

הינדע

אָבער ווי אַזוי, אַנקעל?...

ר׳ לייזער

דאָס ווייס איך ניט... אָבער קיין געלט האָב איך ניט...

הינדע

איז דאָס אייער לעצט וואָרט, אַנקעל?



ר׳ לייזער

מיין לעצט וואָרט, אָדער נישט מיין לעצט — איך האָב ניט מעהר קיין געלט!...

הינדע *מעהר צו זיך*

דאָן וועט מוזען געשעהן עפּעס אַנדערש...

שרה גיטעל

וואָס מיינסטו, טאָכטער?

הינדע

אוי, פרעג מיך ניט, מאַמע... *קעהרט אָפּ דעם קאָפּ און ווישט זיך די אויגען.*

מינא

*טוליענדיג זיך צו צירעל*

אוי, אַזוי שלעכט איז אונז...

צירעל

זעה, מינא, דאָכט זיך הינדע וויינט...

מינא

יא, זי ווישט זיך די אויגען...

צירעל

וואָס וויינט זי?...

מינא

וואָס ווייס איך?...

*נאָטע דער מלות קומט אַריין האַסטיג און צוהיצט, קוקט זיך אַרום, ווי ניט גלויבענדיג, אַז ער זעהט נאָך וועמט אַרום זיך, ער בלייבט שטעהן אַ רגע אָהן לשון, ווישט זיך דעם שטערן און פּריכט.*

הינדע

*קומט איהם אַנטקעגען*

איהר ווילט זעהן דעם פּאַפּאַ, אָדער ריידען מיט מיר, ר׳ נאָטע?

נאָטע *פריילעך*

דעם טאַטען אָדער דיך — איך וויל זעהן מיין געלט!

שרה גיטעל

איהר זייט אַזוי צוהיצט, ר׳ נאָטע, זעצט זיך צו.

נאָטע *אין כעס*

וואָס בעט איהר מיך זיצען, אַז די שמוהלען זיינען ניט מעהר אייערע!...

שרה גיטעל

גאָט אין הימעל, וואָס מיינע אויערען הערען! *צוהוסט זיך און בלייבט זיצען כאַכמלאַז. צירל אײלט צו דער מוטער מיט אַ גלאָז וואַסער.*

מינא

*שטעהט אַ רגע אַ פאַרלאָרענע, לויפט צו הינדען*

וואָס שווייגסטו דעם אומפאַרשעהמטען, טרייב איהם אַרוים!

הינדע

*גלעט מינאַן איבערן קאָפּ*

שוועסטער, דו מוזט זיין צו אַלץ געפאַסט, וואָס עס זאָל ניט קומען...

מינא

אוי, הינדע, וואָס קאָן נאָך קומען?...

הינדע

פרעג מיך ניט, מינא...

ר׳ לייזער

*טרעט צו צו נאָטען, דער שטעקען ציטערט ביי איהם אין האַנט פון אויפרעגונג*

זאָג מיר, נאָטע, דו ביזט געקומען אָהער שינדען די הויט, אָדער נעמען די נשמה פון מענשען?...



נאָטע

איך בין געקומען נאָך מיין געלט! איך וויל ניט שווייגען... *קלאַפּט אין טיש* מיין געלט! מיין געלט זאָל מיר זיין!

שרה גיטעל

אוי, איך וועל עס ניט אַריבערלעבען... *פאַרהוסט זיך.*

ר׳ לייזער

אויב דו ביזט געקומען אָהער קראַנק מאַכען מענשען, ווערסטו האָבען צו טאָן מיט מיר... דו הערסט, נאָטע!

נאָטע

*אין שטייגענדער חוצפה*

און אַז מיט אייך איז וואָס?...

ר׳ לייזער

הער, דו פראַצענטניק, דו ווייסט צו וועמען דו רעדסט?...

נאָטע

איך ווייס... איך רייד צו ר׳ לייזער, וואָס נעמט פראַצענט מיט אַ היתר־עסקא אַזוי ווי נאָטע דער מלוה...

ר׳ לייזער

*קלאַפּט מיט זיין שטעקען אין דיל*

שווייג, עזות פנים! דרך ארץ!... ר׳ לייזער יאָסעל׳ס רעדט צו דיר!... דו הערסט?.. ר׳ לייזער יאָסעל׳ס, וואָס האָט סמיכה פון די גרעסטע רבנים!... דרך ארץ פאַר דעם אָרט, וואו דו שטעהסט... *צייגט איהם אויף דער וואַנט* דו זעהסט דאָ די בילדער... גדולי ישראל! צעהן דורות גאונים!... וואַש זיך די פיס, אַז דו באַטרעטסט אַזאַ הויז!... דו הערסט?...

נאטע

קוקענדיג אויף די ווענט, דורך אריץ־דיג פארלארען

טאקע גדולי ישראל... אבער ווער וועט מיר באצאהלען דעם חוב?...

יאסעל

מיט זיין ערפינדונג אין האנט לויפט אריין. פריידיג

איהר הערט, מינא, צירעל, מאמע! מאיראוויטש גלויבט דאך אין מיין ערפינדונג!... אזא געבילדעטער מענש גלויבט, אז עס איז מעגליך. באגעגענט שטומע בליקען און ברעכט אפ.

עס דערהערט זיך א גערודער אין פארהויז, די טיר עפענט זיך און עס באווייזט זיך אין איהר דוד, הינטער איהם דריי ארבייטער. דער ערשטער, א מיטעלע פיגור, א ברייט־פליוציגער, א שווארץ העמדל איבער די הויזען, דאס היטעל פארוקט אן א זייט, דער קאפ געזעצט נאך הינטען, בעת א הויכע ברייטע ברוסט רוקט זיך פארויס. דאס איז דער צעקא. נאך איהם צוויי ארבייטער פון ר׳ זיסעל׳ס ווערקשטאט.

דוד

אין טיר. פרובירט זיי פארהאלטען

אפשר וואלט איהר צוגעווארט... הערען פריהער אויב הער צירעלזאהן איז גרייט...

דער צעקא

רוקט זיך מיט דער ברוסט

וואס פארא ווארטען!... ניטא קיין שררה ביי מיר!

צו די ארבייטער קומט מיט מיר. וופעריאד!

ערשטער ארבייטער

שטויסט דעם צווייטען

נו, דו געהסט...



צווייטער ארבייטער

שטויסט דעם ערשטען

געה, וואס געהסטו ניט...

דוד ווערט ארייגעשטויסען מיט דער ברוסט פון צעקא. די צוויי ארבייטער שלעפען זיך פחדנות׳דיג נאך. הינדע איז דערווייל אריין אין עס־צימער און ארויסגעבראכט ר׳ זיסלען.

דוד צו ר׳ זיסלען

הער צירעלזאהן, די דעלעגאציע וויל ריידען צו אייך.

ר׳ זיסעל

באקוקט די דעלעגאציע

זאל ריידען ווער עס רעדט...

דער צעקא

טרעט צו נעהענטער

זייט איהר גאספאדין צירעלזאהן?

ר׳ זיסעל

און ווער ביסטו?

דער צעקא

גיט זיך א קלאפ אין ברוסט

איך בין דער צעקא!...

ר׳ זיסעל

אזוי... וואו ארבייסטו?

דער צעקא

איך?... מיין ארבייט איז ארגאניזאציא און רעוואלוציא...

ר׳ זיסעל

הם... פון וואנען קומסטו?

### דער צעקא

פון וואַנען איך קום ?... עטאַ סעקרעט... קאַנספּי־ראַציע... ניט פאַר אייך צו וויסען, איזווינײַטיע...

### ר׳ זיסעל

וואָס טוסטו דאַ ?

### דער צעקא

איך בין געקומען אַהער אָרגאַניזירען די אַרבייטער, וואָס שקלאַפען פאַר קאַפּיטאַל און סאַמאָדערזשאַוויע... איהר קאַפּיטאַליסטען האַלט די אַרבייטער אין דער פינ־סטער... אָבער מיר ווילען זיי עפענען די אויגען, זיי זאָ־לען זעהן, אַז נאָר דער אַרבייטער קלאַס איז... *קוקט שטאָלץ אויף זיינע באַגלייטער.*

### ר׳ זיסעל *ווערט אומרוהיג*

דוד, קום אַהער... וואָס רעדט ער ?... איך האַלט די אַרבייטער אין דער פינסטער !... וואָס ?... ווייניג ליכט אין ווערקשטאַט אויבען, האַ ?...

### דוד

ניט דאָס מיינט ער, הער צירעלזאַהן...

### ר׳ זיסעל

איך פאַרשטעה ניט, וואָס ער רעדט, דוד... איך האָב פיינט אַז מען רעדט צו מיר גראָב... איך האָב עס דיר געזאָגט. רייד דו צו זיי... *קעהרט אָפּ דעם קאָפּ.*

### דער צעקא

ניעט, גאָספּאָדין צירעלזאַהן, איהר מוזט אויסהערען אונזערע פאָדערונגען און באַלד ענטפערען אויב איהר זייט סאָגלאַסנע. דוד איז ניט דער בעל־הבית.



### ביידע אַרבייטער *באַקומען מוט*

ער איז ניט דער בעל הבית...

### הינדע

*טרעט צו ענטשלאָסען. צום צעקאַ*

זאָגט, וואָס פאַרלאַנגט איהר ?

### דער צעקא

מיר פאָדערען אַ צוועלף שטונדיגען אַרבייטס טאָג און אַ האַלבען רובעל אַ וואָך מעהר...

### הינדע *צו די אַרבייטער*

איז דאָס, וואָס איהר פאַרלאַנגט ?

### ערשטער אַרבייטער

מיר... מיר... אַזוי ווי דער צעקא זאָגט.

### צווייטער אַרבייטער

אַז דער צעקא זאָגט, איז געזאָגט...

### הינדע *צום צעקא*

און ווען ווילט איהר אַן ענטפער ?

### דער צעקא

אין 24 שטונדען. אולטימאַטום פון צעקא... *קלאַפּט זיך אין ברוסט* ווען ניט, אַ סטאַטשקע מאָרגען... *פון אויבען טראָגט זיך דער געזאַנג פון אַ רעוואָלוציאָנערען ליעד.*

### ר׳ זיסעל *צעטומעלט*

האַ ? וואָס מאָרגען ?...

### שרה גיטעל

אוי, זיסעל, דער באַלקען ברעכט זיך...

### נאַטע

וואָס שטעה איך דאַ !... *לויפט צו ר׳ זיסעל מיין געלט.* איך וויל האָבען מיין געלט !

ר׳ זיסעל

קוקט אויף איהם מיט א צומישטען בליק. צו ר׳ ליזער

וואס וויל ער?...

ר׳ ליזער צו נאטען

שווייג! דרך ארץ!...

א שטארקער טומעל אין דרויסען. עס פראלט אויף די טיר. עס קומט אריין יאנקעל דער קצב, פייוועל דער קליימניק, קיילע די בעקערקע און נאך אייניגע אידען און ווייבער.

יאנקעל

איהר זעהט... א פולע הויז מיט מענשען... שוין אלץ צוטיילט... ווייסט איהר...

פייוועל

אהן טומעל, יאנקעל... אהן טומעל... וועט מען אונז אויך עפעס צוטיילען...

יאנקעל

א באק-ביין וועט מען דיר צוטיילען!...

קיילע

ס׳קאן ניט זיין... איך גלויב ניט אויף שרה גיטעל... זי ווייס, איך בין אן עלענדע אלמנה מיט זיבען קינדער-לעך...

הינדע

שטעלט זיך אין פארערגרונט און הויבט אויף די הענט

איך בעט עס זאל זיין שטיל!

פון עולם הערט זיך: שא, שטיל זאל זיין. פייוועל זאגט: אהן טומעל אידען, אהן טומעל. עס ווערט שטיל.



הינדע

צו וועמען זיים איהר אלע געקומען?

שמימען פון עולם

צו ר׳ זיסעל צירעלזאהן...

הינדע

וואס פארלאנגט איהר?

שמימען פון עולם

אונזער געלט!... מיר ווילען אונזער געלט.

הינדע

זייט וויסען, אידען, אז ר׳ זיסעל צירעלזאהן איז ניט מעהר בעל הבית!... ניט פון הויז און ניט פון ווערק-שטאט... דער בעל הבית איז איצט — דוד!...

צווישען עולם טראגט זיך א מורמעל: דוד איז בעל הבית.. דוד...

דער צעקא

ער!...

ערשטער ארבייטער

ווי א מענשען טרעפט עס א גליק!...

צווייטער ארבייטער

אזא מזל...

קיילע

צווישען עולם

איהר פארשטעהט, מענשען, ר׳ זיסעל נעמט איהם פאר אן איידעם...

צירעל

טוליעט זיך צו מינא

אוי, מינא... זיי דא אונטען... איך האב מורא...

## ר׳ זיסעל

וועלכער איז געבליבן שטעהן ווי פאַרגליווערט, פאַלט אויף אַ שטוהל

מאַכטלאָז, ציינט מיט׳ן פינגער אויבען

דער באַלקען... דער באַלקען...

## יאָסעל

שטעהט אַ פאַרלאָרענער און פּרואווט מיט צוויי פינגער דרעהען די פליגעל פון זיין ערפינדונג.

דער פאָרהאַנג פאַלט



## דריטער אַקט

שפּעטער פאַרנאַכט אין אַ שפּעטען זומער. די נאַכט פון דער חתונה ביי הינדע און דוד. אייניגע וואָכען זייט דער לעצטער האַנדלונג. דאָס זעלבע צימער. אָבער פיל גרעסער און אויסגעפּוצטער. אייניגע שווערע מעבעל־שטיק זיינען דערווייטערט געוואָרען. די פענסטער צום גאַס שטאַן אָפען. די שווערע גאַרדינען פאַרביטען מיט לייכטערע, פאַרצויגען אַן די ברעגעס פענסטער, אַזוי אַז דער דרויסען קוקט פריי אַריין אין הויז. עס איז קענטיג, אַז אין הויז קומט פאָר אַ חתונה. אין עס־צימער ווערט צוגעגרייט דער סעודה־טיש, וואָס דערגרייכט ביז דער אָפענער טהיר. מרדכי און קיילע סרור׳ען ביי איהם.

איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערען זיך שטילע ווייטע, פאַרגעהענדע טענער. דאָס פיהרט מען חתן־כלה צו דער חופּה.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, איז דאָס צימער ליידיג. די מוזיק לעשט זיך אויס אין דער אָוועגטליכער טונקעלקייט. דורך דעם אָפענעם פענסטער זעהט מען אָנקומען דעם פאַקעל־טרעגער מיט זיין פאַקעל־שטעקען אין דער הויך. ער שטעלט זיך אָפּ ביי דעם לאַמטערן, וואָס ביים ווינקעל מויער און צינט אָן די לאָמפּ.

פון הינטער איינעם פון די אָפענע גאַס־פענסטער, דערהויבט זיך פלוצלינג דער קאָפּ פון דעם שטאָדט־משוגענעם.

דער שטאָדט־משוגענער שטעקט אַריין דעם קאָפּ, בליקט און זוכט מיט די אויגען. דער לאָמפּענצינדער קומט אָן מיט זיין פאַקעל־שטעקען, בלייבט שטעהן אומבאַוועגליך הינטער דעם שטאָדט־משוגענעם, וועלכער שיסט אויס: אַ חתונה... כאַ.. כאַ... כאַ... מרדכי און קיילע קומען אַרויס פון צווייטען צימער.

## מרדכי

אוועק פון דאַנען, משוגענער!

קיילע

וואָס טוסטו דאָ?... גייה צו דער חופּה. ביים שוהל.

שטאָדט-משוגענער

לאַכט

אַ חתונה... כי־כי־כי...

פאַרשווינדט הינטער דעם פענסטער. לאַמפּענצינדער געהט אָפּ ווייטער.

קיילע

האָט איהר געזעהן, מרדכי, ווי קיינער וויל צו דער חופּה ניט געהן?... אפילו ניט דער משוגענער...

מרדכי

וואָס רעדט איהר, קיילע? קאָרג מענשען זיינען גע־גאַנגען צום שוהל?

קיילע

אַ פּאָר מחותנים פון חתנ׳ס צד און ווייטער רק פרעמ־דע... ווער פון כלה׳ס צד?...

מרדכי

טאַטע-מאַמע... און ווער נאָך... וואַרט —

קיילע

ווער דען, אַז ניט טאַטע־מאַמע?... ווי האָט גע־זאָגט שרה גיטעל: „מען קנייפּט די באַק, די פאַרב זאָל שטעהן"... און ר׳ זיסעל... האָט איהר געזעהן זיין פּנים?...

מרדכי

פאַר ר׳ זיסלען האָב איך מורא. אַז זייט דעם טאָג פון בראָך געהט אַ מענש אַרום אַ שטומער...

קיילע

פיהרט אַ טאָכטער צו דער חופּה און עס זאָל אוים־



ריידען אַ וואָרט... עך, עך, וואָס פון אַ מענשען ווערט...

ווישט זיך די אויגען.

לאה׳קע

לויפט אַריין פון דרויסען אַ פאַרסאָפּעטע

איז צירעל דאָ? וואו איז צירעל?

מרדכי

וואָס ביסטו אַזוי געלאָפען, טאָכטער?

לאה׳קע

אוי, טאַטע, וואו איז צירעל?

צירעל

אין איהר צימער, זינגט

און זאָ בלייכעט מיינע יוגענד...

לאה׳קע. קלאַפּט אין טיר

צירעל...

צירעל קומט אַרויס פון איהר צימער. זעהט אויס שטאַרק געענדערט. פאַלט לאה׳קען אויפן האַלז און צעוויינט זיך

קיילע צו מרדכי

איהר זעהט, אַז דאָס האַרץ געהט אַריבער... ווישט זיך די אויגען נאָר וואָס שטעהען מיר? אַזוי פיל אַרבייט...

קיילע און מרדכי געהען אַריין אין עס־צימער.

לאה׳קע

שטעהט אַ פאַרבליפטע

צירעל... אוי, דו ווינסט... דעם ערשטען מאָל, וואָס איך זעה דיך וויינען...

צירעל

הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויף לאה׳קען מיט פאַרוויינטע בליקען

אפשר ניט רעכט וואָס איך וויין?...

לאה׳קע

קיין עבירה איז עס ניט... מיר דאכט זיך, אז ס׳איז גאר א מצוה צו וויינען אויף א שוועסטער׳ס חתונה... אט בין איך געווען אויף דער חתונה ביי מיינער א קוזינע, האבען פיער שוועסטערען אלע געוויינט צו דער חופה...

צירעל

איך בין דאך אבער צו דער חופה ניט געגאנגען...

לאה׳קע

פאר וואס, צירעל, ביסטו טאקע ניט געגאנגען?...

צירעל

איך קאן ניט...

לאה׳קע

דו ווייסט, דיין מאמע האט דאך מיך געשיקט צו דיר, דו זאלסט קומען צו דער חופה...

צירעל

איך קאן ניט...

לאה׳קע

ניט שעהן פאר לייטען, זאגט דיין מאמע...

צירעל

נעמט אן לאה׳קעס ארעם

אוי, לאה׳קע, פיהר מיך אוועק פון דאנען!...

לאה׳קע

צו דער חופה?... קום שנעל. מיר וועלען לויפען דורך א הינטער-געסעל און דעריאגען...

צירעל

ניין, לאה׳קע... ערגעץ ווייט... ווייט וויל איך...



לאה׳קע

וואס רעדסטו, צירעל?

צירעל

איך קאן דא ניט זיין... א שרעק באפאלט מיך אין דעם הויז...

לאה׳קע

א שרעק?... וואס שרעקט דיך?...

צירעל

אלץ שרעקט מיך... די ווענט... די בילדער... דער ציפערבלאט פון זייגער... דער קרעכץ פון די געוויכטער... יעדער שארך — א פחד... און די אפענע פענסטער... אוי, לאה׳קע, זעה ווי די פענסטער זיינען אפען...

לאה׳קע

אין טאג פון א חתונה איז זעהר שעהן, אז פענסטער זיינען אפען... זאלען מענשען אנקוקען א חתונה...

צירעל

אבער אלע מאל וועט דאך אזוי זיין, לאה׳קע... אלע טאג די גאס אין הויז אריין... אלע טאג... וואו זאל איך זיך אויסבאהאלטען?...

לאה׳קע

צו וואס זיך אויסבאהאלטען?... פארקעהרט, מען קוקט ארויס אין גאס און מען זעהט מענשען...

צירעל

אוי, לאה׳קע, פארשטעהסט מיך ניט... ווי קאן איך עס?... זייט יענעם טאג, ווען הינדע האט אלץ איבער-געקעהרט, איז דאס הויז געווארען פול מיט זיי... צייגט

מיטן פינגער נאָך אויבען זייערע בליקען!... אוי ווי זיי שטע־כען, לאה׳קע...

לאה׳קע פאַרלאָרען

ווייס איך טאַקע ניט...

צירעל

אפשר באַגעה איך א פאַרברעכען, וואָס איך בין צו דער חופה ניט געגאַנגען... איך ווייס, הינדע פיהלט שלעכט... זי גלויבט, אַז זי האָט געראַטעוועט דאָס הויז פון אונטערגאַנג... געראַטעוועט ר זיסעל צירעלזאָהנ׳ס נאָמען.... אָבער עס איז דאָך ניט אַזוי...

לאה׳קע

אוי, צירעל!... דעם ערשטען מאָל, וואָס איך הער דיך אַזוי ריידען!...

צירעל

אין איהרע געפיהלען פאַרטיפט

האָט איינגעלאַדען דעם גאַנצען ווערקשטאָט צו איהר חתונה און געוואָלט, אַז דאָס הויז זאָל אַליין קומען...

לאה׳קע

איך פאַרשטעה ניט, צירעל...

צירעל

ווי ניט אונטערבראָכען

ס׳קאָן ניט קומען, וואָס איז פאַרטריבען געוואָרען...

לאה׳קע

אוי, צירעל, דו שרעקסט מיך...

צירעל

איך שרעק דיך?...



לאה׳קע

מען טאָר אַזוי ניט ריידען אין א חופה־נאַכט, מען טאָר ניט...

צירעל

ווייס איך דען וואָס איך מעג?...

לאה׳קע

נו, אויב דו געהסט ניט צו דער חופה, געה איך אַליין...

צירעל

נעמט זי אָן ביי דער האַנט

ניין, לאה׳קע, לאָז מיך ניט אַליין... דריקט איהר פנים אין לאה׳קעס אָרעם.

לאה׳קע

אוי, צירעל, דו וויינסט ווידער... נאָס מיין אָרעם פון דיינע טרערען...

צירעל

דו פיהלסט מיינע טרערען און איך פיהל זיי ניט...

לאה׳קע

דו ציטערסט, צירעל... קאַלט דיין געזיכט...

צירעל

און דיין אָרעם אַזוי הייס...

מינא

קומט אַריין פון דער הויז־טיר. זעהט אויס אָנגעגריפען. טראָגט אין האַנט עסענוואַרג

דער מענש וועט אומקומען...

לאה׳קע

ווער?

מינא

זיך פארשפארט דריי טעג און דריי נעכט אין זיין בוידעם-שטיבעל, ניט געגעסען, ניט געטרונקען... און וויל ניט ארויסגעהן... ער מוז, זאגט ער, געפינען דעם שרייפעל... ער מוז...

צירעל

האט ער גענומען דאס עסען?

מינא

בין געשטאנען ביי זיין טיר און לאנג זיך געבעטען... ער האט די טיר ניט געוואלט עפענען. ער איז געוועזן בייז, וואס איך האב איהם געשטערט. האב איך צוריקגעבראכט דאס עסען...

לאה׳קע נעמט עס ביי איהר און גיט עס איבער קיילען. ר׳ לייזער קומט אריין. קוקט זיך ארום און בלייבט שטעהן אין שוויגען.

צירעל און מינא

גלייכצייטיג

אנקעל!...

ר׳ לייזער

וואס אזא שטילקייט?

צירעל

צו דער חופה אלע.

ר׳ לייזער

אזוי... הם... צו דער חופה... וואס די אייליגקייט? 

לאנגער שטילער שוויגען

און טאטע-מאמע צו דער חופה?...



צירעל

צו דער חופה...

ר׳ לייזער

הם... אזוי... נו, זאל זיין מיט מזל...

מינא

פאר וואס, אנקעל, זייט איהר ניט געקומען צו דער חופה?

ר׳ לייזער

איך האב געזאגט דער מאמען, מען זאלווארטען... די גאנצע צייט געזאגט... נו, האט מען ניט געפאלגט... אנקעל לייזער האט שוין גאר קיין דעה ניט... א פרעמדער געווארען... נאר זאל זיין מיט מזל...

צירעל

אויף וואס ווארטען?...

ר׳ לייזער

דער מאמע׳ס רייד... אין גאנצען דער מאמע׳ס... איך זאג מען זאל ווארטען, וואס די אייליגקייט?... אן עלטערע מיידעל נאך אין שטוב... א שידוך ניט פאר גאט און ניט פאר לייטען... און זי רק: „וואס וועט זיין?“ כאטש נעהם ארויס א כתב ביים רבונו של עולם... נאר צו וואס די רייד?... זאל זיין מיט מזל...

צירעל

איהר ווייסט דאך, הינדע האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערען.

ר׳ לייזער

וואו איז דאס געהערט געווארען? נעמט א מיידעל זיך אריין די גאנצע דעה און גאר ניט... דער טאטע —

שטום... די מאמע — קראנק און געהט אוים... יאסעל זוכט א שרייפעל... איהר — באהאלטען אין די ווי'נ־קעלעך... און פרעמדע מענשען, בני משחית, ווערען די בעלי בתים!... טענה איך די גאנצע צייט, מען זאל ווארטען... איך קלעהר וועגען א תרופה... ארויסנעהמען דאס הויז פון פרעמדע הענט... ווערט אן איילעניש און מען שטעלט א חופה... נו, מילא, זאל זיין מיט מזל...

יאסעל

לויפט אריין ווי אויף פליגלען. דאס פנים בלייך, אויסגעצעהרט, שטראהלט פון פרייד. די אויגען רויט פון ניט שלאפען. די האר צעשויבערט; די קליידער אין אומארדנונג. אין האנט זיין ערפינדונג:

געפונען!... עס באוועגט זיך!...

ער דערלאנגט א דריק ערגעץ אין מעכאניזם און די פליגלען נעמען זיך באוועגען. זיין פנים שטראהלט אלץ מעהר און מעהר. פלוצלינג ווערט די באוועגונג פון די פליגלען לאנגזאמער. א פארגליווערטער שרעק פארשפרייט זיך אויף זיין פנים. די פליגלען שטעלען זיך אפ אין גאנצען. ער בלייבט שטעהן ווי זיין הארץ וואלט זיך אפגעשטעלט.

מינא לויפט צו

יאסעל, וואס איז דיר?

יאסעל

מיט די אויגען אויף די שטומע פליגלען

אויסגעגאנגען... טויט... די האנט מיט דער ערפינדונג זינקט מאכטלאז.

מינא

נעמט ארויס פון זיין האנט דעם מעכאניזם און שטעלט עס אוועק אויף א פענסטער

וועסטו געהן עסען?



יאסעל

טרינקען!... איך בין דורשטיג.

מינא געהט אין עס־צימער, ברייננגט ארויס א גלאז וויין און דערלאנגט יאסלען

יאסעל טרינקט

וויין!... פאסמאקעוועט זיך נאך א גלאז!...

לאה'קע

איך וועל געהן ברייננגען... לויפט אין ציטער און קומט צוריק מיט א גלאז וויין.

יאסעל

טרינקט און קוקט זיך ארום

וואס איז דא היינט?...

מינא

הינדע'ס חתונה.

יאסעל

היינט!... יא, איך הער... איצט קלינגט מיר אין די אויערען מוזיק... דאס האט מען געשפילט צו הינדע'ס חתונה...

מינא

יא, די חופה איז איצט ביים שוהל.

יאסעל

קוקט זיך ארום און דערזעהט ר' לייזערן

א, אנקעל לייזער איז דא!... וואס טוט איהר דא, אנקעל?... ביינאכט?... אייער צייט, ווען איהר זיצט אונטער פארשלאסענע ריגעל און צעהלט די גאלדענע רענדלעך... כא־כא־כא... לויפט שנעל אהיים! מען וועט אייך בא'גנב'ענען!...

מינא

יאָסעל!...

ר׳ לייזער

דער יונג איז פון זינען!

יאָסעל

אַיאַ, אַנקעל, ווען איהר צעהלט די גאָלדענע רענדלעך, קלינגט עס אייך אין די אויערען ווי מוזיק?...

ר׳ לייזער

וואָס וויל דער יונג?

יאָסעל

אַנקעל, אין גן עדן הערט מען אויך די מוזיק פון גאָלדענעם רענדעל?...

מינא

צו צירעל. שטיל

הער נאַר ווי ער רעדט!...

צירעל

זאָל ער...

ר׳ לייזער

ווען איך וויים, אַז עס רעדט צו מיר אַ קלאָרער, וואָלט איך איהם געפּאַטשט...

יאָסעל

האָט איהר געזעהן, אַנקעל, ווי די פליגלען זיינען אויסגעגאַנגען?...

ר׳ לייזער

נו?

יאָסעל

פליגלען געהען אוים, אַנקעל... געהען אוים!... ניטאַ



קיין אייביגע באַוועגונג... גאָט ציהט אָן אַ שטריקעל און עס שפּרינגט אַרוים אַ מענשעלע... טאַנצט דאָס מענשעלע און טאַנצט... ער דרעהט זיך איבערן צימער, וואַקלענדיג אָט אַזוי טאַנצט דאָס מענשעלע... טראַ־טאַ... טראַ־טאַ... טאַנצט דאָס מענשעלע... טאַנצט... טראַ־טאַ... טאַנצט.. ביז... טראַ־טאַ... ביז... טראַ־אַ־אַ... ער פאַלט אום אויף דער סאָפאַ און בלייבט ליגען אין חלשות.

צירעל און מינא

לויפען צו מיט שרעק

יאָסעל... מינטערען איהם.

מרדכי און קיילע

לויפען. אַרוים פון עס־צימער

וואָס איז געשעהן?...

ר׳ לייזער שטעהט שטייף

ווער וויים איהם?...

קיילע

וואַסער! ברייננט וואַסער!

לאה׳קע

לויפט און ברייננט וואַסער

אָט איז וואַסער...

יאָסעל ליגט אומבאַוועגליך. קיילע שפּילעט איהם אויף די ברוסט און באַשפּריצט איהם מיט וואַסער! זי העלפט מינטערען.

ר׳ לייזער טרעט צו

הא?... ער קומט נים צו זיך?... אַ דאָקטאָר! זאָל מען לויפען נאָך אַ דאָקטאָר!

לאה׳קע

איך וועל לויפען לויפט אַרוים.

פון דער ווייטען דערהערען זיך טענער פון מוזיק, וואָס ווערען אַלץ דייטליכער און נעהענטער. דאָס פיהרט מען צוריק חתן־כלה פון דער חופה

קיילע

אוי, אַ בראָך האָט מיך געטראָפען! מען קומט פון דער חופה...

מינא מינטערט

יאָסעל, מען קומט פון דער חופה...

די כלי זמרים הערען זיך שטאַרקער. עס הערט זיך שוין אויך אַ מענשענטומעל אין גאַס

צירעל

כאַפּט זיך ביים קאָפּ

איך וועל עס ניט אויסהאַלטען!...

יאָסעל עפענט פּלוצלונג די אויגען. קוקט זיך אַרום.

קיילע

גאָט צו דאַנק, ער איז געקומען צו זיך.

יאָסעל

האָרכט צו די מוזיק אין דרויסען

וואָס שפּילען די כלי־זמרים?...

מינא

מען פיהרט הינדע'ן פון דער חופה.

יאָסעל

הינדע'ס חופה... וואו בין איך געוועזן?...

צירעל צו מינא'ן

לאָמיר איהם אַריינפיהרען אין מיין צימער.

זיי פיהרען איהם אָפּ. די כלי זמרים הערען זיך שוין אין פאַרהויז.



דער טומעל אין גאַס וואַקסט. מרדכי נעהמט ליכט, קיילע דעם חופה־קוילעטש און געהען אַנטקעגען די מחותנים.

די אידענע פון חופה־טאַנץ, אַ באַליבטע, אין בונטע קליידער און טערקישען שאַל, טאַנצט אַריין פאַראויס חתן־כלה, כאַפּט אויס ביי קיילען דעם חופה־קוילעטש און טאַנצט דעם חופה־טאַנץ.

ר' זיסעל, שרה־גיטעל און מחותנים פון חתן'ס צד, פיהרען אַריין חתן־כלה. מיידלאַך מיט ליכט, אַרביימער פון ווערקשטאַט, צווישען זיי דער צעקאַ, פילען אָן דאָס הויז. דורך די פענסטער אין דרויסען זעהען זיך נייגעריגע מענשען. די אידענע פון חופה־טאַנץ, באַגלייט פון קיילען און אַ פּאָר ווייבער, טאַנצען דעם חופה־טאַנץ אַרום דעם צימער, פאַראויס חתן־כלה. ענדליך ווערען חתן־כלה אַוועקגעזעצט אויף שטוהלען. די אונטערפיהרער דערביי. די אַרביימער מיט'ן צעקאַ פיהלען זיך היימיש, געהען אַריין און אַרויס אין צימער פון סעודה־טיש און לאָזען זיך וואויל געהן, אַרויסקומענדיג מיט פלעשעלעך שנאַפּס און צובייסענס אין די הענט.

ר' לייזער

געהט צו חתן־כלה מיט די מחותנים און באַגריסט זיי

מזל טוב!

ר' זיסעל

זיצט די גאַנצע צייט מיט האַלב געזונקענעם קאָפּ, געפאַנגען אין אַ וועלט פון שטומען צער און אומבאַוואוסטקייט, הויבט אויף דעם קאָפּ, וואַרפט אַ פאַרנעבעלטען בליק אויף ר' לייזער, זיין קערפּער טרייסעלט זיך אויף, די ליפּען באַוועגען זיך צום ריידען — און אַלץ פאַרענדיגט זיך מיט אַ געפּרעסטען זיפץ.

שרה־גיטעל מיט פאַרוואורף

האָסט זיך געלאָזען בעטען, לייזער...

ר' לייזער אַפּווייכענד

נו, מילא, זאָל זיין מיט מזל...

דער צעקאַ מיט אַ קאָמפּאַניע אַרביימער קומען צו צו חתן־כלה מיט פלעשעלעך און גלעזעלעך אין די הענט.

דער צעקא

לאָמיר טרינקען לחיים פאַר חתן-כלה!...

די אַרבייטער מיט אַ קול

לחיים פאַר חתן-כלה! לחיים!

מען טרינקט מיט חתן־כלה און מען גיסט אָן

דער צעקא

לחיים פאַר דעם אַרבייטער-קלאַס!...

די אַרבייטער מיט אַ קול

לחיים פאַר דעם אַרבייטער-קלאַס!

מען טרינקט און מען גיסט אָן.

דער צעקא

לחיים פאַר ליכט און וויסענשאַפט!...

די אַרבייטער מיט אַ קול

לחיים פאַר ליכט און וויסענשאַפט!

מען טרינקט און מען גיסט אָן.

דער צעקא

לחיים... און דאַלאַי סאַמאָדערזשאַוויע!...

די אַרבייטער מיט אַ קול

לחיים און דאַלאַי סאַמאָדערזשאַוויע! מען טרינקט הוראַ! הוראַ!

מרדכי

ברייננגט אַרויס פון עס־צימער אַ זילבערנע טאַץ מיט גלעזלעך און וויין. געהט צו די מחותנים.

וואָס זיצען דאָס די מחותים מיט טרוקענע העלזער...

אַ נו, ר׳ לייזער, טרינקט לחיים מיט חתן-כלה און מחותנים!

ער גיסט אָן און דערלאַנגט די מחותנים גלעזלעך וויין.



ר׳ לייזער

צו ר׳ זיסעל

נו, זיסעל, לאָמיר טרינקען לחיים!...

ר׳ זיסעל

הויבט זיך פלוצלינג אויף מיט׳ן גלעזעל וויין אין האַנט. אויף זיין פנים באַווייזט זיך אָן אומהיימליכער שמייכעל, די אויגען בליצען אויף און זיינע פיס נעמען שטעלען טריט ווי צום טאַנצען.

מרדכי שרייט

שאַ, אידען! מחותנים! אַ וואָרע מאַכט!... ר׳ זיסעל געהט טאַנצען... נו, כלי זמרים, ווייזט וואָס איהר קאָנט!

די כלי־זמרים שפילען אַ פרעהליכס. אַלע געסט שטויסען זיך צוריק מאַכענדיג רוים פאַר ר׳ זיסלען. אַלעמענס פנים׳ער דריקען אויס פרייד. מען מורמעלט איינער צום אַנדערען: ר׳ זיסעל געהט טאַנצען... ר זיסעל געהט טאַנצען...

קיילע

זעהט ווי זיין פנים לייכט...

די אידענע פון חופה־טאַנץ פאַרלייגט די הענט אין די באַקעס און געהט ר׳ זיסלען אַנטקעגען אַ פרעהליכס, פיהרענדיג פון וויטען ר׳ זיסלען איבער׳ן צימער.

ר׳ זיסעל

שטעלט משונה׳דיגע טריט. עס איז אַ געמיש פון טאַנץ און וואַקעל. ער האַלט דאָס גלעזעל וויין אויסגעשטרעקט אין האַנט, וועלכע ציטערט און דער וויין פאַרגיסט זיך. זיין טאַנץ מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט נאָכגעטאַנצט דעם גלעזעל אין האַנט. דער עולם אַרום הויבט אָן פיהלען עפּעס שווערעס, מורא׳דיגעס, וואָס שפּריוט זיך איבער די שמחה׳דיגע געזיכטער אַזוי ווי אַ וואָלקען איבער דער פאַרגעהענדער זון. ר׳ זיסעל׳ס טאַנץ ווערט משונה׳דיגער, אומפאַר־שטענדליכער. דער לעצטער טראָפּען וויין האָט זיך שוין אויסגעגאָסען. דאָס גלעזעל אין זיין האַנט איז איבערגעקערט מיטן דנאָ אַרויף... זיין פנים קנייטשט זיך אין גרימאַסען. די אידענע פון חופה־טאַנץ

איז אין שרעק ארויס פון טאנץ און זיך באהאלטען צווישען עולם.
ר׳ זיסעל אליין איז אין צענטער פון אלץ און אלעמען...

### הינדע

א בלאסע, רייסט זיך ארויס פון דוד׳ס ארם, לויפט צום פא־טער, נעמט איהם אן ביי די הענט און פרואווט איהם פאנגען מיט איהר מילדען, ציטערענדיגען

פאפא...

### ר׳ זיסעל

קוקט זי אן מיט זיין פארווירטען בליק און רעדט ארויס

הינדע... כלה...

ער לאזט שוין איהרע הענט ניט אפ און שלעפט זי מיט אין זיין טאנץ.

א ציטער געהט דורך און א מורמעל: ר׳ זיסעל רעדט... ר׳ זי־סעל טאנצט מיט דער כלה!...

### ר׳ זיסעל

בלייבט פלוצלינג שטעהן אנקומענדיג פארביי דער גרופע ארביי־טער. זיינע אויגען ברענען אויף ווילד. זיינע הענט ליגען זיך אויף די ברייטע שולטערען פון צעקא. ער ברומט ארויס

קום טאנצען... קום, כא־כא־כא...

### דער צעקא

געהארכזאם, אונטער ר׳ זיסעל׳ס הענט און בגלופים׳דיג, געהט ר׳ זיסלען אנטקעגען אין א טאנץ, מורמלענדיג

מיט פארגעניגען... גאספאדין צירעלזאהן...

### ר׳ זיסעל

פיהרענדיג דעם צעקא אין ווילדען טאנץ

מיינע ארבייטער!... הא?... וואו זיינען זיי?...
אין דער פינסטער... כא-כא-כא... אין דער פינסטער...

### דער צעקא

קארטשעט זיך

אבער איזוויניטע, גאספאדין צירעלזאהן...



### ר׳ זיסעל

מיט די הענט אויף דעם צעקא׳ס שולטערן, רופט צו דוד׳ן

דוד!... גיב ליכט מיינע ארבייטער! מעהר ליכט!...

דער צעקא רייסט זיך ארויס פון ר׳ זיסעלס הענט. זיסעל דרעהט זיך נאך ארום אין א פלאנטער־טאנץ, שרייענדיג הויך

ליכט די ארבייטער!... ליכט!... ליכט!...

דר. ראזענבערג, מאיראוויטש און לאה׳קע קומען אריין. צירעל, יאסעל און מינא זיינען אביסעל פריהער נאך ארויס פון צירעל׳ס צימער, דערשראקענע און צעטומעלטע

### דר. ראזענבערג

קוקט זיך ארום

וואו איז דער פאציענט?

### ר׳ זיסעל

דערזעהט דר. ראזענבערג. בלייבט פלוצלונג שטעהן, קוקט איהם אן און פארנויגט זיך

גוטען אווענט, הער דאקטאר... וויפיל בין איך אייך שולדיג?... זיסעל צירעלזאהן צאהלט זיינע חובות... צוויי טויזענט רובעל?... נאט אייך... ער שטעקט אריין זיינע ביידע הענט אין די קעשענעס און שלעפט זיי ארויס אומגעקערטע און ליידיגע.

### יאסעל

לויפט צום פאטער, נעמט איהם אן ביים ארעם

פאפא, פאפא... וואס טוסטו?!

### שרה גיטעל

וויינענדיג

הער דאקטאר... מיין מאן... וואס איז איהם?

ד ר. ר אָ ז ע נ ב ע ר ג

האָט ער געטרונקען?

ש ר ה ג י ט ע ל

ניט אַ טראָפּען.

ד ר. ר אָ ז ע נ ב ע ר ג

קוקט אַריין ר׳ זיסלען אין די אויגען, האַלטענדיג איהם ביים פּולס.

עס טוט מיר לייד, פרוי צירעלזאָהן, אייער מאַן איז קראַנק... ערנסט קראַנק... ער מוז שנעל נאָך ריגא אין אַן אַנשטאַלט... צו יאָסעל יונגערמאַן, מיטן ערשטען דילי־זשאַנס!... געהט אָפּ.

ש ר ה ג י ט ע ל

רבונו של עולם!... באַהאַלט דעם קאָפּ אין די הענט.

ר׳ ל י י ז ע ר

וועסט געהן צו מיר, שרה גיטעל... און דיינע קינ־דער... ווי זיי ווילען...

צ י ר ע ל

אין לאה׳קעס אָרעם

לאה׳קע, פיהר מיך אַוועק פון דעם הויז... לאָזען זיך געהן צו דער טיר.

מ א י ר אָ ו ו י ט ש

צו מינא

וואָס קומט דאָ פאָר?...

מ י נ א

אוי, פרעגט מיך ניט... מיין טשעמאָדאַן איז גע־פּאַקט. צו פוס פון דאַנען!...



י אָ ס ע ל צום פאָטער

מיר פאָהרען, פּאַפּאַ...

ר׳ ז י ס ע ל

האַ?.. וואָס?.. פאָהרען... יאָ... צו חינדען הינדע, מיין רייזע־טאַש!... איך פאָהר נאָך לייפּציג... לאָזען זיך געהן צו דער טיר.

אין אָפענעם פענסטער פון גאַס שטעקט דער שטאָדט־משוגענער אַריין דעם קאָפּ. כאַפּט צו יאָסעל׳ס ערפינדונג און פאַרשווינדט.

דער פאָרהאַנג פאַלט

## עפּילאָג

דאָס זעלבע בילד פון פּראָלאָג. דער באַגינען פון דער חתונה־נאַכט.

### דער שטאָדט-משוגענער

זיצט נעבען מויער, הויך, אויף איבערגעקערטע קעסטלעך, וואָס זיינען פאַרפּוצט מיט פאַרביגע שמאַטעס און פּאַפּיר, עס בילדעט אַ מין טראָן. אין די הענט ביי איהם יאָסעל׳ס ניט־געלונגענע ערפינדונג. ער באַטראַכט עס מיט אַ שטראַהלענדען פּנים און לאַכט אַרויס

כאַ-כאַ-כאַ...

### דער לאַמפּענצינדער

קומט אָן מיט זיין לאַנגען שטעקען. פאַרלעשט די לאָמפּ אין לאַמטערן. קערט זיך אום צום שטאָדט־משוגענעם

וואָס האַלסטו דאַרטען אין האַנט?

שטאָדט-משוגענער

מיין וועלט...

לאַמפּענצינדער

ווי זעהט אויס דיין וועלט?

שטאָדט-משוגענער

מיין וועלט האָט פליגעל, כאַ־כאַ־כאַ...

לאַמפּענצינדער

וואָס טוט דיין וועלט?

שטאָדט-משוגענער

זי דרעהט זיך... כאַ־כאַ־כאַ... בלאָזט אויף די פליגעל, וועלכע דרעהען זיך און שטעלען זיך אָפּ. בלאָז איך, דרעהט זי זיך... בלאָז איך ניט, דרעהט זי זיך ניט... כאַ־כאַ־כאַ...

ל א ָ ם פ ע נ צ י נ ד ע ר

האָט דיין וועלט קיין מאַכט ניט.

ש ט אַ ד ט - מ ש ו ג ע נ ע ר

אזוי זאָגען מענשען... אָבער איך בלאָז און זי דרעהט זיך... בלאָז איך ניט, דרעהט זי זיך ניט...

ל א ָ ם פ ע נ צ י נ ד ע ר

דיין וועלט וועט קיינמאָל ניט פאַרטיג ווערען.

ש ט אַ ד ט - מ ש ו ג ע נ ע ר

כאַ־כאַ־כאַ...

דורך דעם קליינעם טויערעל פון הויף קומען אַרויס ר׳ זיסעל און יאָסעל, וועלכער האַלט דעם פאָטער ביים אָרעם. ביידע איינגעהילט אין לייכטע מאַנטלען, די קאָלנערס אויפגעשטעלט. שטומע לאָזען זיי זיך געהן אין אַ ריכטונג. דער שטאָדט־משוגענער שטעלט זיך אויף, געהט זיי נאָך. בלאָזט אויף די פליגעל פון יאָסעל׳ס ערפינדונג און לאַכט.

דער לאָמפענצינדער געהט אָפּ אין דער צווייטער ריכטונג. עס קומען אָן אַרבייטער און פאַרשווינדען דורכן טויערל. עס עפענען זיך די פענסטער אין אויבערשטען שטאָק און אַרבייטער כאַפּען אַ בליק אויף דער אויפגעהענדער זון. אין דעם זעלבען מאָמענט עפענען זיך די פענסטער פון אונטערשטען שטאָק. עס באַווייזען זיך דוד און הינדע, אין שלאָף־רעק. זיי בויגען זיך אַרויס צום דרויסען.

ד ו ד

אַ שעהנער זונען־אויפגאַנג.

ה י נ ד ע

און די לופט אַזוי פריש.

דורך די אויבערשטע פענסטער טראָגט זיך אַרויס דאָס געזאַנג פון די אַרבייטער.

דער פאָרהאַנג פאַלט

ניו יארק, 1924

